# אַרץ ישׂראל
# און די אידישע נויט

## וואָס וואָלט ארץ ישראל איצט געקאָנט אויפטאָן פאַר די אידישע פליכטלינגע?



פון

אברהם רעוואוצקי

צווייטע אויפלאַגע

אַרויסגעגעבן פונם

אידיש נאַציאָנאַלן אַרבעטער פאַרבאַנד

ניו יאָרק, 1939

פרייז, 5 סענט

450

# אינהאַלט

מיט דער בראָשורע טרעט צו דער בילדונגס קאָמיטעט פון אידיש־נאַציאָנאַלן אַרבעטער פאַרבאַנד, אַרויסצוגעבן פּעריאָדיש ענלאַכע און גרעסערע אַרבעטן איבער קעגנוואַרטיקע פּראָבלעמען אין וועלכע די אידישע מאַסן זיינען פאַראינטערעסירט. די בראָשורן באַצוועקן צו ברייננגען אינפאָרמאַציע און אַ קלאָרע און ערנסטע באַלייכטונג איבער אַ רייע פראַגן וועלכע רירן אָן די עקזיסטענץ, אַנטוויקלונג, און האָפענונגען פון אידישן לעבן אין אַמעריקע און אין דער גאַנצער וועלט.

ווי אַזוי די דאָזיקע אויסגאַבעס וועלן זיך אַנטוויקלען, ווענדעט זיך איצט אינגאַנצן אין די בילדונגס קאָמיטעטן פון אידיש־נאַציאָנאַלן אַרבעטער פאַרבאַנד אין די פאַרשיידענע שטעט און אויך אין דער באַציאונג וואָס אונדזערע חברים און חברות וועלן אַרויסווייזן צו דער דאָזיקער אונטערנעמונג. אויב די בראָשורעס וועלן גוט פאַרשפּרייט ווערן, וועט דאָס אונדז געבן דערמוטיגונג און די פינאַנציעלע מעגלאַכקייט צו אויסברייטערן די אַרבעט און אויך קענען אַרויסגעבן פון צייט צו צייט, גרעסערע ווערק איבער וויכטיקע ענינים.

לאָמיר האָפן, אַז די איצטיקע ערשטע בראָשורע וואָס מיר גיבן אַרויס וועט זיין אַ באַנייטער אָנהויב פון אַ פאַרצווייגטער פאַרלאַג־טעטיקייט אין פאַרבאַנד, צו העלפן חברים און פריינט אַז זיי זאָלן זיך בעסער אָריענטירן אין דעם קאָמפּלעקס פון פראַגן וואָס רינגלען אונדז אַרום.

**צענטראַלער בילדונגס קאָמיטעט פון**
אידיש־נאַציאָנאַלן אַרבעטער פאַרבאַנד

# פאָררעדע פון דעם מחבר

דאָס דאָזיקע ביכל איז געשריבן געוואָרן ערב דער ערעפענונג פון דער אַזוי־גערופענער „ראונד טייבל קאָנפערענץ״ אין לאָנדאָן. עס גייט אַרויס פון דרוק אין דעם מאָמענט ווען די דאָזיקע קאָנפערענץ האַלט שוין ביי ענדע, און די גאַנצע אידישע וועלט איז אויפגעשוידערט צוליב טשעמבערליינס ארץ ישראל פּלאַן, וועלכער באַדייטעט די פּאַקטישע ליקווידאַציע פון דער אידישער היים.

דאָס ענדערט אָבער גאָרניט אין דעם אינהאַלט פון דעם ביכל און מינדערט בשום אופן ניט זיין נויטיקייט. דער קאַמף וועגן ארץ ישראל איז נאָך ווייט ניט פאַרענדיקט. ער הויבט זיך איצט ערשט אָן. ערשט איצט וועלן אַלע אידישע כחות מוזן מאָביליזירט ווערן צו באַקעמפן דעם אַטענטאַט אויף אונדזער גרעסטע דערגרייכונג פאַר די לעצטע דורות.

כדי דער דאָזיקער קאַמף, וואָס וועט נאָך דויערן יאָרן, זאָל געקרוינט ווערן מיט ערפאָלג, מוזן די אידישע מאַסן אַליין טיף באַוואוסט זיין וועגן דער גרויסער וויכטיקייט פון ארץ ישראל פאַר דער לייזונג פון דער אידן־פראַגע, און זיי מוזן גוט פאַרשטיין די פאַלשקייט פון די טענות, וואָס ווערן געברויכט פון אויסערלאַכע געגנער און אינערלאַכע שונאים געגן דער פאָרטזעצונג פון דעם גרויסן אויפבוי־ווערק וועלכע אידן האָבן אָנגעהויבן. באַקענען די אידישע מאַסן מיט די פאַקטן וועגן ארץ ישראל׳ס אמת׳ע אויפנאַמספיאיקייט, און קלאָרער מאַכן פאַר זיי די וויכטיקייט פון דעם ווייטערדיקן ארץ ישראל׳דיקן אויפבוי — איז די אויפגאַבע, וואָס כ׳האָב זיך געשטעלט ביים שרייבן פונם דאָזיקן ביכל.

די ערשיינונג פון דעם דאָזיקן ביכל איז צו פאַרדאַנקען דעם אידיש־נאַציאָנאַלן אַרבעטער פאַרבאַנד. סאָציאַליסטיש אין זיין גרונט, איז דער פאַרבאַנד אין דער זעלבער צייט טיף באַזאָרגט וועגן דעם גורל פון דעם אידישן פאָלק און ספּעציעל וועגן דער צוקונפט פון דער אידישער היים אין ארץ ישראל. ער באַטראַכט אַלס זיין העכסטע אויפגאַבע צו באַקעמפן די יאוש שטימונג, וואָס הויבט זיך אָן צו פאַרשפּרייטן צווישן די אידישע מאַסן און ריכטן זייער נאַציאָנאַלע ענערגיע אויף אַ ריכטיקן, קאָנסטרוקטיוון וועג.

אַ באַזונדערן דאַנק פאַרדינען די חברים לואיס סיגאַל, דער גענעראַל סעקרעטאַר פון נאַציאָנאַלן אַרבעטער פאַרבאַנד, און פ. גינגאָלד, דער בילדונגס דירעקטאָר פון פאַרבאַנד, וועלכע האָבן אויף מיין ביטע געלייענט דעם כתב־יד, פאַר זייערע ווערטפולע באַמערקונגען, וואָס האָבן געהאָלפן צו מאַכן דאָס דאָזיקע ביכל פולער און פילזייטיקער.

ניו יאָרק, 3טער מערץ, 1939

**אברהם רעוואוצקי**

נאָך קיינמאָל אין דער געשיכטע זיינען אידן ניט געווען אין אזא שווידערלאַכער, אזא טראַגישער לאַגע, ווי אינם איצטיקן מאָמענט.

נאָך פאַרן אָנקום פון היטלעריזם, וואָס פאַרסמ׳ט אייראָפּא מיט חיה׳שן אידן־האַס, זיינען אַ פּאָר מיליאָן אייראָפּייאישע אידן (בפּרט אין פּוילן) געווען אויפן שוועל פון אונטערגאַנג. אויך אָן אַנטיסעמיטיזם פאַר־לירן דאָרטן אידן דעם עקאָנאָמישן באָדן אונטער די פיס. דער אויפשטייג אָבער פון נאַצי דייטשלאַנד, וואָס האָט דערקלערט אַ פאַרניכטונגס קריג צו אידן איבער דער גאַנצער וועלט, האָט אויסגעשפּרייט דאָס פעלד פון דירעקטער געפאַר. זעקס מיליאָן אידן ציטערן פאַר מאָרגענדיקן טאָג, און די מערסטע פון זיי לעכצן נאָך אַ נייער היים. באַזונדערס האָפנונגסלאָז איז די לאַגע פון די 650,000 אידן, וואָס זיינען נאָך פאַרבליבן אין נאַצי־לאַנד. זיי האָבן דאָרטן ניט קיין מינדעסטע צוקונפט, און מען מוז זיי וואָס גיכער אַרויסראַטעווען דורך אַרויסנעמען זיי פון נאַצי־לאַנד!

## פאַרוואָס אַרויסנעמען אידן?

מען מוז זיין גאָר אַ גרויסער בעל חלומות, אָדער עפּעס נאָך ערגערס, כדי יוצא צו זיין פאַר אונדזערע דייטשעשע ברידער מיט דער עצה, אַז זיי זאָלן בלייבן אין זייער אַלטער היים, און העלפן דאָרט באַקעמפן דעם היט־לעריזם. זיינען מיר דען די איינציקע וואָס ליידן אונטער היטלערן, — טענה׳ן צו אונדז אַזעלכע לייכטזיניגע עצות געבער. ליידן דאָרט ניט אויך די אַרבעטער, די לינקע, די קאַטאָליקן, די ליבעראַלן? פאַרוואָס קומט קיינער ניט מיט דעם פאַרלאַנג פון אַרויסנעמען די אַרבעטער פון נאַצי־לאַנד? פאַרוואָס נאָר די אידן?

יעדער בר דעת ווייס אָבער ווי לעכערלאַך ס׳איז צו פאַרגלייכן די ליידן פון די ברייטע „אַרישע" מאַסן אין דייטשלאַנד, מיט די ליידן פון די דאָרטיקע אידן. אַן אַריער ליידעט דאָרט פאַר זיינע איבערצייגונגען. אינ׳ם מאָמענט אָבער ווען ער גיט זיי אויף, אָדער באַשליסט צו באַקעמפן דעם נאַצי רעזשים אויף אַ באַהאַלטענעם וועג, קאָן ער אַרבעטן, ער קען דערנערן זיין פאַמיליע, און וואַרטן אויף בעסערע צייטן. אידן קאָנען ניט וואַרטן. זיי זיינען אַרויסגעטריבן געוואָרן פון פּראָפעסיעס; מען האָט באַ זיי צוגע־נומען זייערע קלייטן; זיי האָבן פאַרלאָרן אַלע זייערע קוועלן פון פאַרדינסט; זיי קאָנען ניט קריגן דעם איינפאַכסטן דזשאַב; זיי זיינען פאַראורטיילט

אויף א לאנגזאמען הונגער טויט. א איד קאן אפילו ניט פארשטעלן זיך פאר א נאצי: פאר אז „חוצפה" וואלט מען אים ערשט פארפייניגט צום טויט.

די וואס גיבן די דייטשע אידן די עצה צו „בלייבן און קעמפן" האבן דערביי מערסטנס אין זינען דעם ביישפיל פון אמאליקן צארישן רוסלאנד, וואו אידן האבן יא געשפילט א גרויסע ראלע אין דער רעוואלוציאנערער באוועגונג. זיי פארגעסן אבער, אז צום אונטערשייד פון אמאליקן צארישן רוסלאנד האבן אידן, למשל, געשריבן אין די אם מערסטע פארשפרייטע גייסטיק צו באאיינפלוסן די ברייטע שיכטן פונ'ם דייטשן פאלק. אין צארישן רוסלאנד, האבן אידן, למשל, געשריבן אין די אם מערסטע פארשפרייטע צייטונגען, אין דער צייט ווען אין נאצי דייטשלאנד מוז אפילו א שיק-אינגל אין רעדאקציע זיין א הונדערט פראצענטיקער אריער, און א מיטגליד פון דער „היטלער-יוגנט" דערצו. אפילו פערזענלאכע באציאונגען צווישן אידן און קריסטן ווערן אוממעגלאך אין היינטיקן דייטשלאנד. ס'איז דערגאנגען אזוי ווייט, אז געוויסע אומלעגאלע ארגאניזאציעס, וואס קעמפן געגן דעם היטלער רעזשים, זיינען גאר אומווילינג אריינצונעמען אידן ווייל דאס וואלט פאר זיי געווען מער א שטערונג ווי א הילף.

די אויפגאבע פון ארויסנעמען די אידן פון נאצי דייטשלאנד איז אזוי שארף און דרינגענד, אז ביז אהער האט נאך קיין איינציקער קריסטלאכער ליבעראל ניט אבגעלייקנט איר נויטווענדיקייט. דעם דאזיקן טרויעריקן מוט האבן בלויז אונדזערע אידישע קאמוניסטן, וועלכע האבן ערשט מיט עטלאכע יאר צוריק באזונגען די אידישע שחיטה אין חברון, אלס א רעוואלוציאנערן אראבישן אויפטו . . .

## די פארשלאסענע וועלט

אין דער צייט ווען מיר שטייען פאר דער דרינגענדער אויפגאבע פון ארויסראטעווען די דייטשע אידן פון היטלער'ס גיהנום, האבן די ליבעראלע לענדער פון דער וועלט, אויסדריקנדיק מיטן מויל זייער פולע סימפאטי צו די נאצי קרבנות, אין דער זעלבער צייט פעסט פארמאכט פאר זיי זייערע טויערן. יעדע מלוכה האלט זיך שטריינג בא אירע ענג-הארציקע קוואטאס, און עס קומט איר נאך א באזונדערער דאנק, אויב זי לאזט נוצן אפילו די דאזיקע קוואטאס אין זייער פולן פארנעם. די וועלט איז גרויס, אבער פאר די אידישע קרבנות פון פינצטערער אונטערדריקונג איז ניטא וואו זיך אהינצוטאן.

אם שארפסטן, אם קלארסטן, אם שמערצלאכסטן דריקט זיך אויס דער דאזיקער אונטערשייד צווישן דעם פרומען ווארט און טריפה'נעם טאט אין

דעם אָפּזאָג צו עפּענען פאַר אידישע פּליכטלינגע די טויערן פון ארץ ישראל. דאָס לאַנד וועלכע דריי דורות פון אידישע פּיאָנערן האָבן באַגאָסן מיט זייער שווייס און בלוט כדי צוגרייטן זי דערמיט אלס א מקום מקלט, וואָס זאָל קענען בשעת נויט אריינגעמען גרויסע מאַסן פון פאַרוואָגלטע אידן, ווערט איצט פאַרהאַקט פאַר זיי'ערע אויגן דורך דער זעלבער גרויס מאַכט, וועלכע האָט אונדז פייערלאַך צוגעזאָגט צו שאַפן דאָרט א אידישע היים!

דער דאָזיקער קלאַפּ איז פאַר אונדז באַזונדערס שמערצלאַך דערפאַר ווייל מיר זיינען איבערצייגט, אז ווען נאָר ענגלאַנד וואָלט געעפנט די טויערן פון ארץ ישראל, וואָלט דאָס אידישע היימלאַנד איצט אריינגענומען און פּראָדוקטיוו באַשעפטיקט הונדערטער טויזנטער אידן, ברייגענדיק דערמיט אַן אונגעהייערע דערלייכטערונג צו די מיליאָנען, וואָס האָפן צו קומען אַמאָל נאָך זיי. ניט נאָר דאָס: דער ביישפּיל פון דער ערפאָלגרייכער, פּראָדוקטיווער אימיגראַציע קיין ארץ ישראל, וואָלט ערמוטיקט די באמת ליבעראַלע מענטשן אין אַנדערע לענדער צו פאָדערן א בעסערע באַציאונג צו אידישע פּליכטלינגע אין זייערע אייגענע מלוכות. אזוי אַרום וואָלטן גרויסע אידישע מאַסן מיט געמיינזאַמע כחות געראַטעוועט געוואָרן פון אונטערגאַנג.

ניט נאָר פאַרשפאַרט די רשעות'דיקע פּאָליטיק פון דער ענגלישער מאַנדאַט מאַכט דעם וועג צו רעטונג פאַר הונדערטער טויזנטער אידן וואָס וואָלטן, אריינקומענדיק קיין ארץ ישראל, געקאָנט דאָרט גלייך איבערבויען זייער לעבן אויף געזינטערע און פעסטערע יסודות, נאָר זי דינט אויך אַלס א ביישפּיל און דערמוטיגונג פאַר די געגנער פון אידישער איינוואַנדערונג אין אַנדערע לענדער. „אויב ארץ ישראל, דאָס לאַנד וואָס איז פייערלאַך צוגעזאָגט געוואָרן די אידן אַלס זייער נאַציאָנאַלער היים, ווערט פאַרשלאָסן פאַר אידישע פּליכטלינגע, טאָ ווי קען מען פאָדערן פון אונדז, פעלקער וואָס האָבן קיינמאָל קיין צוזאָגן די אידן ניט געגעבן, אז מיר זאָלן נעמען אויף זיך די דאָזיקע שווערע לאַסט"? — טענה'ן די דאָזיקע שעמעוודיקע אַנטיסעמיטן, וואָס זוכן א תרוץ פאַר זייער ענגהאַרציקייט.

מיט אַנדערע ווערטער, ארץ ישראל איז ניט נאָר דאָס לאַנד וואָס איז צוגעגרייט געוואָרן פון אידן אַליין צו דינען אַלס מקום מקלט אין אַזאַ נויט־פאַל, ווי מיר לעבן איצט איבער, נאָר זי איז אויך דער שליסל צו א מער ליבעראַלער, א מער פריינטלאַכער באַציאונג צו אידישע פּליכטלינגע אין אַלע, מער־ווייניק פרייע לענדער פון דער וועלט. פון אונדזער ערפאָלג אין ארץ ישראל הייננט אָפּ אין גאָר א גרויסער מאָס דער גורל פון אונדזערע באַמיאונגען צו העלפן די פאַרטריבענע, פאַרפאָלגטע אידן אויך אין אַנדערע לענדער.

## ספקות און זייערע וואָרצלען

נאָרן מיר זיך אָבער ניט אָפּ, מיט אונדזערע אייגענע ערוואַרטונגען וועגן ארץ ישראל? טרייבן מיר ניט איבער איר אויפנאַמס פעאיקייט? שאַצן מיר ניט אונטער דעם אַראַבישן ווידערשטאַנד און אַנדערע פּאָליטישע שוועריקייטן, וואָס שטייען אויף אונדזער וועג?

די דאָזיקע פראַגן גנב'ענען זיך איצט אָפּט אַריין אין די אידישע מוחות. טיילווייז שטאַמען זיי פון אונדזער אייגענעם יאוש, און טיילווייז ערקלערן זיי זיך מיטן איינפלוס פון דער קונציגער און ווייט גרייכענדער ענגלישער פּראָ־פּאַגאַנדע, וועלכע האָט שוין באַוויזן צו פאַרפירן באַדייטנדע ניט אידישע קרייזן, און הויבט איצט אָן צו שפּריצן איר גיפט אויך אין די אידישע רייען. אַלע מיטלען ווערן אויסגענוצט צו איבערצייגן דער וועלט — און ווי ווייט מעגלאַך, אויך די אידן — אַז סיי צוליב פּאָליטישע און סיי צוליב עקאָנאָ־מישע אורזאַכן קאָן גאָרניט ארץ ישראל וועזנטלאַך בייטראָגן צו דער לייזונג פון דער איצטיגער דרינגענדער אידישער פראַגע, און מען מוז דערי־בער זוכן דעם ענטפער ערגעץ־וואו אַנדערש.

וואָס איז דער אמת וועגן דער אויפנאַמס פייאיקייט פון ארץ ישראל? וויפיל אידן בערך וואָלט זי געקענט אויפנעמען אינ'ם איצטיקן מאָמענט, אויב אירע טויערן זאָלן זיך ברייט עפענען פאַר די קרבנות פון די רדיפות אין אייראָפּאַ?

כדי צו געפינען דעם ריכטיקן ענטפער אויף די דאָזיקע פראַגן, מוז מען קודם כל פאַרשטיין, אַז דאָס רייכטום פון אַ לאַנד איז אָפּהענגיק ניט נאָר פון זיינע נאַטירלאַכע באַדינגונגען, נאָר אויך פון די פייאיקייטן, קולטור און כאַראַקטער פון זיינע איינוואוינער, און דעם אופן, ווי זיי האָבן איינ־געאָרדענט זייער לעבן. דאָס רייכטום, למשל, פון דער היינטוועלטיקער אַמעריקע איז צו פאַרדאַנקען ניט נאָר דער פרוכטבאַרקייט פון אירע פעלדער און דער גרויסקייט פון אירע מינעראַלישע רעסורסן, נאָר אויך די מעלות און די פייאיקייטן פון אירע ערשטע אימיגראַנטן, און דעם אַלץ וואַקסנדן שטראָם פון דענקענדע, ענערגישע, אַרבעטסזאַמע מענטשן, וואָס האָבן איינגעשטעלט דאָ אַ פרייען דעמאָקראַטישן לעבנס שטייגער, אונטער וועלכן זייערע פייאיקייטן און אַרבעטס קראַפט האָט דערגרייכט צו זייער העכסטע מדרגה. אונטער אירע אַמאָליגע איינוואוינער, די אינדיאַנער, האָט אָבער די זעלבע אַמעריקע, ניט קוקנדיק אויף איר ריזיקן שטח און שיטערע באַפעלקע־רונג, אָפּט געפילט דעם טעם פון פשוטן הונגער.

ווען מען וויל ריכטיג אויסגעפינען די אויפנאַמס פייאיקייט פון אַ געוויסן לאַנד פאַר נייע אימיגראַנטן, דאַרף מען דעריבער שטודירן ניט

נאָר די נאַטירלאַכע רייכטימער פונ׳ם דאָזיקן לאַנד, נאָר אויך די אייגנ־שאַפטן פון די אימיגראַנטן, וואָס ווילן אַהין אריינקומען. וועלן זיי זיך צופּאַסן צום דאָרטיקן לאַנד? וועלן זיי זיך צובינדן צו אים און ברענגען קרבנות אויף איינאָרדנען זיך אין אים? וועלן זיי אריינברענגען אַהין דער־פאַרונג ענערגיע, מיטלען? וועלן זיי אומשטאַנד זיין אויסגראָבן זיינע באַ־האַלטענע רייכטימער, און אויסנוצן ביזן פולן מאָס זיינע לאַנדווירטשאַפט־לאַכע און אינדוסטריעלע מעגלאַכקייטן? אויב יאָ, דאַן וועט די אויפנאַמס פייאיקייט פונ׳ם לאַנד זיך אויסברייטערן איבער אַלע ביז אַהעריקע השגות. אויב ניט, וועלן אפילו די באַשיידענסטע דערוואַרטונגען, וואָס מיר וועלן לייגן אויפן לאַנד ביים אָנהויב פון זיין קאָלאָניזאַציע, ניט מקוים ווערן, ווי גרויס זיינע נאַטירלאַכע רייכטימער זאָלן ניט זיין.

גענוים קען מען ניט דערפאָלגרייך באַזעצן מיליאָנען מענטשן, אפילו ווען זיי פאַרמאָגן די בעסטע מעלות, אין די וויסטענישן פון סאַכאַראַ, אָדער אויף די אייביק פאַרפראָרענע אייז פעלדער פון גרינלאַנד. פון דער אַנדער זייט, זיינען דאָ פילע לענדער, וואו אַ שיטערע באַפעלקערונג פלאַגט זיך אין אָרעמקייט, שמוץ און פינסטערניש אויף די רייכסטע באָדנס פון דער וועלט.

קאָלאָניזירן אַ לאַנד מיינט אָנפילן עס מיט אַ נייעם אינהאַלט. מען קאָן דעריבער ניט ריכטיק אָפּשאַצן די אויפנאַמס פייאיקייט פון אַ לאַנד, ווען מען נעמט אין אָנבעטראַכט בלויז זיינע נאַטירלאַכע אומשטענדן, און מען נעמט אַרויס פונ׳ם חשבון די אימיגראַנטן וועלכע גייען זיך דאָרט באַזעצן.

אויסערדעם איז כדאי צו וויסן, אַז סתם אַ ווילדע לאַנד קאָן ניט ווערן איבערנאַכט קיין צענטער פון מאַסן אימיגראַציע, אפילו ווען ס׳איז דאָ פאַר דעם דער פאַסענדער מענטשן מאַטעריאַל. עס מוז נעמען אַ היבש ביסל יאָרן, ביז אַזאַ לאַנד וועט דורכמאַכן די צוגרייטענדע שטופע פון פּיאָנער־ארבעט, נאָך וועלכער זי זאָל קאָנען אריינגעמען גרעסערע מענטשן־מאַסן. פּונקט ווי אַ נאָר וואָס פאַרפלאַנצטער בוים קאָן ניט טראָגן קיין פרוכט אין איין יאָר, ווי שטאַרק מען זאָל אים ניט פילעווען, אַזוי קאָן ניט קיין ווילדע, אָבגעשטאַנענע, ווייניג באַזעצטע לאַנד ווערן רייף פאַר מאַסן־אימיגראַציע אָן אַ גנהעריקער צוגרייטונג פון יאָרן. דאָס איז די אורזאַכע פאַרוואָס די אַלע טעריטאָריעס, וואָס ווערן איצט אונדז אָנגעבאָטן, כדי צו פאַרגלעטן אונדזער ווייטאג איבער דער שליסונג פון ארץ ישראל׳ס טויערן, קאָנען ניט פאַרנעמען איר פּלאַץ, אַלס אַ צענטער פון גרויסער אידישער מאַסן־אימיגראַציע. אפילו ווען גוויאַנע, אָדער ראָדעזיא, אָדער קעניא, אָדער אַן אַנדערע טראָפּישע לאַנד פון דעם מין זאָל זיך יאָ אַרויסווייזן אַלס פאַסענד פאַר דער מאַסן־באַזעצונג פון ווייסע מענטשן, וועט עס נאָך אַלץ נעמען

לכל הפחות א צענדליק יאָרן פון אָנגעשטריינגטער, פּיאָנערישער אַרבעט, ביז זיי וועלן קאָנען ווערן א מקום מקלט פאַר גרעסערע צאָלן פון אידישע נע ונד'ניקעס. די איצטיקע אידישע נויט איז אָבער צו דרינגענד, כדי אָב־צושפּרעכן זיך מיט לאַנגזאַמע ישועות. מען מוז העלפן אידן גלייך, אָן פאַרלוסט פון צייט.

## די אויפנאַמס-פייאיקייט פון ארץ ישראל

אפילו ארץ ישראל וואָלט מיט פופציק יאָר צוריק, ווען מיר האָבן געהאַלטן אין אָנהויב פון אונזער דאָרטיקער קאָלאָניזאַציע, ניט געקאָנט אריינגעמען מיט אַמאָל צענדליקער טויזנטער אידן. זי איז געוואָרן א לאַנד פון מאַסן אימיגראַציע ערשט אין די לעצטע יאָרן, א דאַנק די ריזיקע אָנ־שטריינגונגען און קרבנות, וועלכע אידן האָבן דאָרט אוועקגעלייגט פאַר די לעצטע צוויי דורות.

בכלל איז ארץ ישראל אַן איבערצייגנדער ביישפּיל פון דער וויכטיקייט צו רעכענען זיך מיט די מעלות פון די מענטשן, וועלכע מען קלויבט זיך צו באַזעצן אין א געוויסן לאַנד, ווען מען רעדט וועגן איר אויפנאַמס-פייאי־קייט. ארץ ישראל איז א לאַנד, וואָס איז אָפּט חרוב געוואָרן אין לויף פון איר ליידנספולער געשיכטע, און ווערט איצט צוריק אויפגעבויט פון א פאָלק, וואָס האָט שטענדיק אָנגעהאַלטן מיט איר אַן ענגע היסטאָרישע פאַר־בינדונג, און האָט אויך אינם איצטיקן דור אַרויסגעוויזן א מערקווירדיקע פייאיקייט צו אַקלימאַטיזירן זיך אין איר, זיך צושמידן צו איר גייסטיק און פיזיש, און אַרויסברייגען פון איר דעם מאַקסימום, וואָס זי האָט פאַר־באָרגן אין איר שוים. ערשט דאַן ווען מיר וועלן באַטראַכטן די נאַטירלאַכע רייכטימער פון ארץ ישראל אין פאַרבינדונג מיט דער אידישער פייאיקייט צו אַנטוויקלען זיי, — וועלן מיר קריגן א מער וויניגער ריכטיקן באַגריף וועגן איר אויפנאַמס פייאיקייט אין'ם איצטיקן מאָמענט.

לאָמיר אָנהויבן פון די לאַנדווירטשאַפטלאַכע מעגלאַכקייטן פון דער אידישער היים. ווען מיר לאָזן אַרויס פון אונדזער חשבון דעם עבר הירדן, וועלכע ענגלאַנד האָט מיט 17 יאָר צוריק אָפּגעריסן פון ארץ ישראל און פאַרוואַנדלט אין א באַזונדערע אַראַבישע מלוכה, וועלן מיר אויסגעפינען, אַז דער היינטיקער מאַנדאַט שטח פון ארץ ישראל ענטהאַלט 26 מיליאָן דונאַם (גענויער — 26,319,000 דונאַם), פון וועלכע אַרום דרייצן מיליאָן קענען באַאַרבעט ווערן. פון דעם דאָזיקן שטח, ווערן איצט פאַקטיש באַ־אַרבעט בלויז 6 ביז 7 מיליאָן דונאַם, און אויך דער שטח ווערט מערסטנס אויסגענוצט אויף זייער א פּרימיטיוון שטייגער.

בעקאנטלאך קען מען אויף א באוואסערטן באָדן באזעצן א פיל גע־דיכטערע לאַנדווירטשאַפטלאכע באַפעלקערונג איידער אויף באָדנס וועמענס ערטראג איז אין גאנצן אָפּהענגיק פון רעגנס, שטורמס, און כל ערליי קאַפּריזן פון דער נאַטור. לויט דער אויסרעכענונג פון עקספּערטן, קען מען אין ארץ ישראל באוואַסערן ביז פיר מיליאָן דונאַם. בא היינטיקן טאָג באטרעפט דאָרט דער באוואסערטער שטח בלויז א צענטל פון דעם.

די ערפאַרונג פון ארץ ישראל האָט באוויזן, אַז אַ לאַנדווירט, וואָס פאַר־מאָגט בלויז צוואַנציק דונאַם פון באוואסערטן באָדן, וועלכן ער באַאַרבעט מיט זיינע אייגענע הענט, איז זיכערער אין זיין עקזיסטענץ, איידער אַ פויער וואָס פאַרזייט 250 דונאַם פון ניט באוואַסערטן באָדן, און דאַרף דערנאָך אויסקוקן אויפן רעגן.

ס'איז אויך באוויזן געוואָרן, אַז באוואסערטע באָדנס אין ארץ ישראל קאָנען זיך גלייכן אין זייער פּראָדוקטיווקייט און ערגיביקייט מיט די בעסטע באָדנס פון דער וועלט. אַ באוואַסערטער דונאַם פון בוריקעס, וואָס ווערן גענוצט אַלס קאָנצענטרירטע שפּייז פאַר בהמות, גיט אין ארץ ישראל אַן ערנטע פון צוועלף און אַמאָל פערצן טאָן (אַ דונאַם איז אַ פערטל אַקער, און אַ טאָן אין 2,200 פונט). צוויי דונאַם באוואַסערטע לאַנד גיבן אַמאָל גענוג פוטער, כדי אויסצוהאַלטן אַ קו. קלאָווער, (אַ מין שפּייז פאַר בהמות) קול־טיווירט אויף באוואסערטן באָדן אין ארץ ישראל, איז געשניטן געוואָרן אַכט מאָל אַ יאָר. די ארץ ישראל'דיקע אָראַנדזש פּלאַנטאַציעס גיבן אין דורכ־שניט מער פּרוכט איידער מען קריגט פון אַ גלייכן שטח אין קאַליפאָרניע!

די ארץ ישראל'דיגע פּראַקטיק האָט אויך באוויזן, אַז אפילו די רוקנס פון די בערג, וואָס קוקן אויס אין פּלוג צו זיין ניט פּאַסענד פאַר לאַנדווירט־שאַפט, קאָנען אין פילע געגענטן באַנוצט ווערן פאַר פּראָדוקציע פון שפּייז, סיי פאַר מענטשן, און סיי פאַר בהמות. דאָס ווערט דערגרייכט דורך פאַר־פּלאַנצן זיי מיט פּרוכט בוימער, און באַשיצן די דאָזיקע בוימער פון דעם אימפּעט פון די ווינטערדיקע שלאַקס־רעגנס, וואָס פאַלן מיט צו פיל קראַפט פון די פאַרוואָרלאָזטע בערג. אָט דאָס איז טאַקע געווען די אויפגאַבע פון די „טעראַסען", וועלכע האָבן באַדעקט די בערג פון ארץ ישראל אין דער צייט פון צווייטן בית המקדש, ווען עס האָט געצויגן פון זיי אַ חיונה אַ גרויסע לאַנדווירטשאַפטלאכע באַפעלקערונג. אויב נאָר מען זאָל אריינלאָזן גענוג אידן קיין ארץ ישראל, וועט מען זיכער צוריק אויפשטעלן די דאָזיקע טע־ראַסן אויף אַ מאָדערנעם אופן, און אין גאָר אַ גרויסן פאַרנעם.

די מעגלאַכקייטן פון אידישער לאַנדווירטשאַפטלאכער קאָלאָניזאַציע אין ארץ ישראל ווערן נאָך מער פאַרגרעסערט צוליב די סאָציאַלע פּרינציפּן, אויף וועלכע זי איז געבויט. מיר האָבן כמעט ניט אין ארץ ישראל קיין

גרויסע אידישע לאַנד־באַזיצער, וואָס קאָנען האַלטן ברייטע, ווייניק באַ־אַרבעטע שטרעקעס לאַנד פאַר ספּעקולאַטיווע צוועקן, און מיר וועלן זיכער זיי ניט דערלאָזן אין דער צוקונפט. די נייע אידישע קאָלאָניזאַציע אין ארץ ישראל ווערט אויסשליסליך געפירט אויף די יסודות פון קאָאָפּעראַציע און זעלבסט־אַרבעט. סיי אין דער קאָלעקטיווער קבוצה, און סיי אינ׳ם האַלב קאָאָפּעראַטיוון מושב עובדים, ווערט אינטענסיווו באַאַרבעט יעדער שפּאַן באָדן, און מען קאָן זיכער זיין, אַז אויב זייערע אַרבעט־געלעגנהייטן וועלן קאָנען נאָך מער פאַרגרעסערט ווערן דורך באַוואַסערונג, אָדער אַנדערע אויסבעסערונגען, וועלן זיי באַלד אויסגענוצט ווערן פאַר אריינגעמען נייע אידישע אימיגראַנטן.

פון די דאָזיקע פאַקטן איז קלאָר, אַז מיט ברייטער באַוואַסערונג, און אינטענסיווער באַאַרבעטונג פון באָדן קאָן מען באַזעצן אין ארץ ישראל אַ פּיל גרעסערע אַגריקולטורעלע באַפעלקערונג, איידער די וואָס געפינט זיך דאָרט ביים היינטיקן טאָג. די איצטיקע לאַנדווירטשאַפטלאַכע באַפעלקערונג פונ׳ם לאַנד באַטרעפט לויט אָפיציעלע קוועלן בלויז 632,000 נפשות, אָדער אַרום 127,000 פאַמיליעס, פון וועלכע בערך אַ זיבעטל זיינען אידן. די דאָזיקע צאָל פאַמיליעס וואָס ערנערן זיך פון לאַנדווירטשאַפט, קאָן פאַר־גרעסערט ווערן לכל הפחות ביז 300,000. מען קאָן נאָך, ניט אַנדערע ווער־טער, קאָלאָניזירן אין ארץ ישראל ניט ווייניקער ווי 170,000 אידישע לאַנד־ווירטשאַפטלאַכע פאַמיליעס, וואָס מיינט אַרום 850,000 נייע נפשות אויפן לאַנד אַליין.

## די מעגלאַכקייטן פון אינדוסטריע

געגנער פון דער אידישער אויפבוי אַרבעט אין ארץ ישראל האָבן אַמאָל פּרובירט זי אַנטמוטיקן מיט דער טענה, אַז ארץ ישראל קאָן ניט האָבן קיין גרויסע אינדוסטרי, ווייל זי פאַרמאָגט ניט קיין אייגענע קוילן, וואָס זיינען געווען דער יסוד פון אינדוסטריעלער אנטוויקלונג אין די מערסטע אַנדערע לענדער. זיי פאַרגעסען אָבער, אַז קוילן אַלס אַ קוועלע פון קראַפט, ווערן איצט אַליץ מער פאַרביטן מיט עלעקטרישער ענערגיע, און אויף דעם פעלד פאַרמאָגט ארץ ישראל גאַנץ גרויסע מעגלאַכקייטן, וואָס זיינען נאָך כמעט ניט אויסגענוצט געוואָרן. די עלעקטרישע סטאַנציע, וועלכע אידן האָבן אויסגעבויט אויפן טייך ירדן, איז בלויז דער אָנהויב פון אויסנוצן די וואַסער־עלעקטרישע רעסורסן פונ׳ם לאַנד.

דער מאַנגעל פון אייזן איז אויך ניט קיין אבסאָלוטע שטערונג פאַר דער אנטוויקלונג פון אַ מאָדערנער אינדוסטרי אין ארץ ישראל. דאָס וואָלט

יע געווען אַ שטערונג פֿאַר דעם סאָרט שווערע אינדוסטרי וועלכע אַמעריקע פֿאַרמאָגט אין פּיטסבורג, אָדער גערי, אינדיאַנאַ. ארץ ישראל איז אָבער הויפּטזעכלאַך צוגעפּאַסט פֿאַר פֿאַרשיידענע מינים פֿון לייכטער אינדוסטרי, וועלכע דינט דירעקט פֿאַרן געברויך פֿון די ברייטע מאַסן, און אויף דעם פֿעלד זיינען די מעגלאַכקייטן פֿאַר איר אינדוסטריעלער אַנטוויקלונג כמעט אומבאַשרענקט. דעם אָנהויב פֿון דער דאָזיקער אַנטוויקלונג זעען מיר שוין ביים היינטיקן טאָג ווען אידישע סחורות פֿון ארץ ישראל, ניט קוקענדיק אויף די פֿאַרשאַרפֿטע באַציאונגען מיט די אַראַבער, געפֿינען אַ מאַרקעט אין די אַרומיקע לענדער פֿון אַראַבישן אָריענט.

אַ דאַנק איר גינסטיקער געאָגראַפֿישער פּאָזיציע ביים צונויפֿקומען זיך פֿון דריי גרויסע קאָנטינענטן, אייראָפּאַ, אַזיע און אַפֿריקע, — און איר נאָענטקייט צום סועץ קאַנאַל, וואָס איז די וויכטיקסטע פֿאַרקער אָדער פֿון דער וועלט, איז ארץ ישראל אַן אידעאַלע לאַנד פֿאַר די אַזוי גערופֿענע „טראַנזיט אינדוסטריען" וואָס זיינען צום גרויסן טייל באַזירט אויף אימפּאָרטירטע רויע מאַטעריאַלן.

## מענטשן און רויע מאַטעריאַלן

די וועלט איז רייך מיט ביישפּילן פֿון גרויסע אינדוסטריען, וועלכע, באַשעפֿטיגענדיק צענדליקער טויזנטער אַרבעטער, זיינען ערפֿאָלגרייך אויסגעוואַקסן אין לענדער, וואָס האָבן ניט געהאַט קיין ספּעציעלע מעלות פֿאַר זייער אַנטוויקלונג. פֿאַרוואָס איז, למשל, גראַד שווייץ געוואָרן דער גרעסטער צענטער פֿון שאָקאָלאַד אינדוסטרי אין דער וועלט, אין דער צייט ווען דער וויכטיקסטער רויער מאַטעריאַל פֿון וועלכן שאָקאָלאַד ווערט געמאַכט, קאַקאַאָ, וואַקסט נאָר אין בראַזיליע און האָלענדיש אינדיע און מוז געבראַכט ווערן פֿון דאָרטן קיין שווייץ איבער פֿילע טויזנטער מיילן? אגב, פֿאַרמאָגט אויך די שווייץ ניט קיין אייגענע קוילן. מיט אַ צייט צוריק ווען אירע רעסורסן פֿון וואַסער־עלעקטרישער קראַפֿט זיינען נאָך ניט אויסגענוצט געוואָרן, האָט מען אירע שאָקאָלאַד פֿאַבריקן געטריבן מיט קוילן, וועלכע מען האָט אימפּאָרטירט פֿון אויסלאַנד.

נאָך אַ ביישפּיל: וואָס פֿאַר נאַטירלאַכע אייגנשאַפֿטן האָט דאָס האָלאַנד, צוליב וועלכע גראַד זי איז געוואָרן דער דימענט צענטער פֿון דער וועלט? די רויע איידלשטיינער קומען אַהין הויפּטזעכלאַך פֿון זיד־אַפֿריקע, און די מערסטע געברויכער פֿון די געשליפֿענע דימענטן געפֿינען זיך אויך אויסער די האָלענדישע גרעניצן.

ווען איר וועט זיך צוקוקן צו די גאַלאַנטעריי־אינדוסטריען פון וויען, צו די פאַבריקן פון זייגער מעכאַניזמען אין דער שווייץ, און אפילו צו די טעקסטיל פאַבריקן פון לאָדזש, וועט איר אויסגעפינען, אַז זיי זיינען באַזירט נית אויף אָרטיקע נאָר אימפּאָרטירטע רויע מאַטעריאַלן, און דאָס האָט בשום אופן נית געשאַדט זייער וואוקס און ערפאָלג. און אַזעלכע ביישפּילן קענט איר געפינען אין די צענדלינקע.

ווען מען זאָל בויען אינדוסטריען בלויז אויפן יסוד פון אָרטיקע רויע מאַטעריאַלן, וואָלטן אַזעלכע לענדער ווי ענגלאַנד און יאַפּאַן שוין פון לאַנג געווען חרוב, און אַ גרויסער טייל פון זייערע איינוואוינער וואָלטן פּשוט געשטאָרבן פון הונגער.

אינם אויפבוי פון אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען שפּילט דער פּליים פון די מענטשן, זייער שכל, ענערגיע, דערפאַרונג, געלט מיטלען, און פעיאיקייט זיך צוצופּאַסן צו אומשטענדן נאָך אַ גרעסערע ראָליע איידער אין דער אַנטוויקלונג פון מאָדערנער אַגריקולטור. די אידישע אימיגראַנטן קיין ארץ ישראל פאַרמאָגן די דאָזיקע אַלע מעלות אין גאָר אַ גרויסן פאַר־נעם. מיר מעגן דעריבער זיין זיכער, אַז באַ דער ריזיקער נויט וואָס טרייבט איצט אידן צו זייער אייגענער היים, וועלן זיי ערפאָלגרייך אַנטוויקלען אַלערליי מינים אינדוסטריען, שאַפנדיק דערמיט אַן עקזיסטענץ מעגלאַכקייט פאַר אַ כמעט אומבאַשרענקטער צאָל פון נייע אימיגראַנטן.

כאָטש די היינטיקע ארץ ישראל אינדוסטריע איז נאָך יונג, — זי איז אויסגעבויט געוואָרן בסך הכל פאַר די לעצטע 15 יאָר, — האָט זי שוין געוויזן אויסצובויען עטלאַכע פאַבריקן, וואָס זיינען באַזירט נית אויף אָרטיקע נאָר אויף אימפּאָרטירטע רויע מאַטעריאַלן, און עקספּאָרטירן דאָך מיט פולן דערפאָלג קיין אויסלאַנד. דער קלאַסישער ביישפּיל דערפון איז די פאַבריק פון קינסטלאַכע ציין, באַ תל אביב, וועמעס פּראָדוקטן זיינען שטאַרק אָנגענומען צווישן די דענטיסטן אין ענגלאַנד. נאָך אַ ביישפּיל זיינען די ארץ ישראל׳דיקע גאָל־מעסערלאַך וועלכע האָבן לעצטנס שטאַרק אויסגענומען אַזש אין אַמעריקע. אין ביידע פאַלן האַנדלט זיך ווענן פּראָ־דוקטן באַ וועלכע די הוצאות פון טראַנספּאָרט שפּילן אַ קליינע ראָליע אין פאַרגלייך מיט זייער אַלגעמיינעם ווערט. אַזעלכע פּראָדוקטן זיינען פאַראַן אין די הונדערטער, און אידישע שפּיצפינדיקייט און ענערגיע, פאַרשאַרפט דורך נויט, וועט זיך שוין אָנשטויסן אָן זיי.

## ארץ ישראל׳ס אייגענע רעסורסן

כאָטש די ארץ ישראל׳דיקע אינדוסטרי מוז ניט באַזירט ווערן אויס־שליסלאַך אויף אָרטיקע רויע מאַטעריאַלן, טאָר מען אָבער פון דעם ניט מאַכן קיין אויספיר, אַז דאָס לאַנד פאַרמאָגט גאָרניט קיין אייגענע וויכטיקע מאַטעריאַלן, וואָס קאָנען באַהילפיק זיין אין איר עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג.

קודם כל קאָנען פילע אינדוסטריען באַזירט ווערן אויף דער אָרטיקער לאַנדווירטשאַפט, בפרט ווען אַ גרויסער טייל פונם באָדן זאָל באַוואַסערט ווערן. ארץ ישראל פאַרמאָגט שוין איצט וויין־קעלערס, וואָס פּראָדוצירן ווײַן פון אָרטיקע ווייַנטרויבן ; ציגאַרעטן־פאַבריקן וואָס באַאַרבעטן אָרטיקן טאַבאַק, אַ ביער ברויעריי, וואָס איז באַזירט אויך אָרטיקע גערשט, קאָנסערוון פאַבריקן, וואָס „קענען״ אָרטיקע טאָמיטאָס און פיש, פּאַרפיום פאַבריקן, וואָס דיסטילירן אָרטיקע בלומען, ווילדע און געפלאַנצטע, פאַרמאַצעווטישע לאַבאָראַטאָריעס וואָס מאַכן רפואות פון אָרטיקע פלאַנצן, כעמישע פאַבריקן, וואָס נוצן אויס פאַרשיידענע אָרטיקע אַגריקולטורעלע מאַטעריאַלן פאַר דער אויסאַרבעטונג פון כל ערליי נוצלאַכע פּראָדוקטן, און אַזוי ווייטער. וואָס גרעסער, אינטענסיווער און פילזייטיקער עס וועט ווערן די לאַנדווירטשאַפט פון ארץ ישראל, און וואָס גרעסער עס וועט זיין דער שטח פון קינסטלאַכער באַוואַסערונג, אַלץ צאָלרייכער און וויכטיקער וועלן ווערן אַזעלכע מינים פאַבריקן וועמעס וואָרצלען ציען זיך צו דער אָרטיקער אידישער אַגריקולטור.

אַ גרויסע באַדייטונג וועלן קריגן מיט דער צייט פאַר דער ארץ ישראל׳־דיקער אינדוסטריע די כעמישע שטאָפן, וועלכע די פּאָטאַש קאָמפּאַני קריגט ארויס פון דעם ניט אויסשעפּלאַכן וואַסער פונם ים המלח. שוין איצט עקזיסטירן בײַ די ברעגן פון ים המלח אַ פאַר פּאָטאַש און בראָמיד פאַבריקן, וואָס טיילן אויס און רייניקן די וויכטיקסטע פּראָדוקטן וואָס ווערן פון דאָרט ארויסגעבראַכט. דאָס איז אָבער אַ באַשיידענער אָנהויב. ווען מען וועט פון דעם מינעראַל־רייכן וואַסער אָנהויבן ארויסנעמען אויך די אַנדערע שטאָפן וואָס זיינען דאָרט אויפגעלייזט (צום ביישפּיל מאַגנעזיע, וועמעס באַדייטונג אין דער מעטאַל אינדוסטריע וואַקסט מיט יעדן יאָר), און ווען מען וועט די אַלע אָנהויבן באַנוצן אַלס אַ באַזע פאַר אָרטיקער כעמישער אינדוסטריע, וועט די וועלט ערשטוינט זיין צו זען וויפיל רייכטום סיי פאַר אינערלאַכן געברויך, און סיי פאַר עקספּאָרט, קען פּראָדוצירט ווערן אין איין איינציקן ווינקל פונם כלומרש אָרימען לאַנד.

די פראַגע צו ארץ ישראל וועט אַמאָל דעקן איר אָיל באַדאַרף פון אייגענע קוואַלן רופט ארויס אַ סך חלוקי דעות צווישן די פאָרשער פונם לאַנד. ווי עס זעט אויס פאַרמאָגט יע ארץ ישראל אָיל אונטער איר באָדן,

אָבער ס'איז אַ ספק צו אירע אַיל קוואַלן זיינען גענוג רייך כדי צו דערלויבן זייער פּראַקטישע אויסנוצונג. אָבער אפילו אויך ווען עס זאָל זיך אַרויס־ווייזן, אַז די האָפענונגען אויף אייגענעם אַיל זיינען איבערטריבן, קאָן ארץ ישראל קריגן ביליג אַיל פאַר אירע אינדוסטריעלע נויטן, דורך די פּייפּס וואָס פאַרבינדן זיי דירעקט מיט די רייכע אַיל קוואַלן פון איראַק. אמת, די קאָמפּאַני וואָס פאַרמאָגט די דאָזיקע פּייפּס האָט ביים היינטיקן טאָג אַ מאָנאָפּאָל פּאָזיציע וועלכע זי מיסברויכט אויף צו רייסן אין ארץ ישראל איבערמעסיק הויכע פּרייזן פאַר הייץ־אַיל און געזאָלין. אָבער די לאַגע אין דעם פּרט וועט זיך בייטן, ווען ארץ ישראל וועט ווערן עקאָנאָמיש שטאַרקער און האָבן אויך מער דעה אין דער באַשטימונג פון איר פּאָליטישן גורל.

ארץ ישראל פאַרמאָגט אויך שוועבל (סאַלפור) וואָס שפּילט אַ גרויסע ראָליע אין דער היינטיקער כעמישער אינדוסטריע, און פאָספאַטן, וואָס זיינען אונגעהייער וויכטיק און נוצלאַך אויף צו העכערן די פּרוכטבאַרקייט פון באָדן. זי פאַרמאָגט אויך אַלערליי בוי מאַטעריאַלן אין גרויסער כמות און זעלטענער גוטסקייט. בדרך כלל גערעדט פעלן איר ניט, אין פאַרגלייך מיט איר שטח, קיין מעגלאַכקייטן פאַר צוקונפטיקער אַנטוויקלונג.

אַ גרויסע מעלה פון ארץ ישראל פון דעם שטאַנדפּונקט פון אידישער קאָלאָניזאַציע איז איר קלימאַט, וועלכער האָט זיך אַרויסגעוויזן צו זיין זייער אַ גינסטיקער פאַר די אידישע אימיגראַנטן אפילו ווען זיי קומען פון די קעלטערע אייראָפּייאישע לענדער. די שטערבלאַכקייט פון אידן אין ארץ ישראל איז איינע פון די קלענסטע, און זייער נאַטירלאַכע פאַרמערונג, איינע פון די גרעסטע. די אַמאָליקע עפּידעמיעס פון פיבער און אויגן־קראַנקהייטן זיינען כמעט אויסגעוואָרצלט געוואָרן און דער אַלגעמיינער געזונט צושטאַנד פון די נייע אימיגראַנטן, ניט קוקענדיק אויף שווערע אָנשטרענגענדע פּיאָנערן אַרבעט, איז אַ גאַנץ גוטער.

## וויפל אידן קאָנען אַריינקומען?

מיר קומען אויף אַזאַ אופן צום אויספיר, אַז ארץ ישראל האָט יע גרויסע מעגלאַכקייטן סיי אויפן אַגריקולטורעלן און סיי אויפן אינדוסטריעלן און קאָמערציעלן פעלד. די דאָזיקע מעגלאַכקייטן קאָנען נאָך אומגעהייער געשטייגערט ווערן אַדאַנק דער נויט וואָס טרייבט אידן קיין ארץ ישראל, דער באַגייסטערונג וועלכע זיי ווייזן אַרויס פאַרן אויפבוי פון דער אַלט־נייער אידישער היים, דער דערפאַרונג, פעיאַקייטן און מיטלען וועלכע זיי ברענגען מיט זיך פון די לענדער פון וועלכע זיי ווערן פאַרטריבן. אונטער די דאָזיקע

אומשטענדן, זיינען ניטאָ קיין שום נאַטירלאַכע אורזאַכן פאַרוואָס באַ אַ פרייער אידישע אימיגראַציע, זאָל ארץ ישראל ניט דערגרייכן, און אפילו ווייט איבערשטייגן די געדיכטקייט פון דער באַפעלקערונג וואָס עקזיסטירט אין די אָם מערסטן באַפעלקערטע לענדער פון דער וועלט. ענגלאַנד, למשל, פאַרמאָגט 38 מיליאָן איינוואוינער אויף אַ שטח וואָס איז בלויז פינף מאָל גרעסער ווי די היינטיקע מאַנדאַט ארץ ישראל — אָן עבר הירדן, און דערביי זיינען אירע אַגריקולטורעלע רעסורסן, אין פאַרגלייך מיט איר שטח, אַ סך קלענער. אויב אפילו די היינטיקע געשניטענע ארץ ישראל זאָל, הייסט דאָס, דערגרייכן די געדיכטקייט פון דער באַפעלקערונג וועלכע עס עקזיסטירט אין ענגלאַנד, וואָלט זי געהאַט אַ באַפעלקערונג פון 7,600,000. דאָס וואָלט איר געגעבן אַ מעגלאַכקייט אריינצונעמען איבער זעקס מיליאָן נייע איינוואוינער. אפילו נעמענדיק אין אָנבעטראַכט דעם נאַטירלאַכן צואוואוקס וואָס וועט אָנגיין אין דער צייט פון דער אימיגראַציע, קאָן ארץ ישראל אריינגעמען, אָן עבר הירדן, איבער פינף מיליאָן נייע אימיגראַנטן. וואַרשיינלאַך קאָן מען די דאָזיקע צאָל נאָך ווייט איבערשטייגן.

די פראַגע איז אָבער אין וועלכער צייט די דאָזיקע צאָל אידן קאָן אריינגענומען ווערן קיין ארץ ישראל. דער ענטפער אויף דעם הייבגט אָפּ אָן דער אַגריקולטורעלער דערפאַרונג פון די קומענדיקע אימיגראַנטן, פון זייערע אינדוסטריעלע און קאָמערציעלע פייאיקייטן, פונם שטראָם פון קאַפּיטאַל וואָס וועט נאָך זיי נאָכגיין, און דער עיקר, פון זייער אויסדויער און איבערגעבנקייט צום אַלט-נייעם אידישן היימלאַנד. דער דורכשניטלאַכער פליכטלינג פאַר וועלכן מיר וואָלטן געוואָלט באַלד עפענען די טויערן פון ארץ ישראל, האָט טאַקע ניט קיין לאַנדווירטשאַפטלאַכע דערפאַרונג. עס זיינען אָבער פאַראַן צווישן די פליכטלינגע צענדליקער טויזנטער חלוצים, וואָס מאַכן איצט דורך אָן ערנסטע אַגריקולטורעלע „הכשרה" אין די לענדער פון אידישער נויט. דערצו האָט איצט ארץ ישראל זעלבסט גאָר אַ גרויסע צאָל פון לאַנדווירטשאַפטלאַך דערפאַרענע אַרבעטער, ארום וועלכע עס קענען זיך אויסלערנען באַ דער פּראַקטישער אַרבעט פילע פון נייע אָנגעקומענע אימיגראַנטן. אגב, וועט באַ אַ באַלדיקן מאַסן שטראָם פון אידן קיין ארץ ישראל, דער גרעסטער טייל פון זיי זיך איינאָרדנען אין אינדוסטריע און עפנטלאַכע אַרבעטן.

וואָס איז נוגע די אינדוסטריעלע און קאָמערציעלע מעלות פון די נייע אימיגראַנטן און זייער פייאיקייט צו געפינען און אויסנוצן די סאַמע באַהאַלטענע עקאָנאָמישע געלעגנהייטן פונם לאַנד, איז וועגן דעם ניטאָ קיין מינדסטער ספק! קיינער צווייפלט אויך ניט, אַז זיי וועלן אַרויסווייזן דעם גרעסטן אויסדויער ביים איינאָרדנען זיך אינם לאַנד. וועלן זיי דאָך נאָך

דעם אָנקומען קיין ארץ ישראל זיין אין דער לאַגע פון מענטשן וואָס האָבן פאַרברענט אַלע בריקן הינטער זיך, און מוזן האָבן אַ דערפאָלג, אויב זיי ווילן ניט צוגרונט גיין. זיי וועלן שוין געפינען זייער וועג . . .

## פון וואַנען וועט מען נעמען קאַפּיטאַל?

די יעניקע וואָס צוויפלען אין די באַלדיקע מעגלאַכקייטן פון ארץ ישראל, דריקן אָפּט אויס די מורא, אַז אַ מאַסן איינוואַנדערונג פון דייטש־לאַנד און אַנדערע אַזעלכע לענדער, וואו דאָס מערסטע אידישע קאַפּיטאַל איז קאָנפיסקירט געוואָרן פון זייערע אַנטיסעמיטישע רעגירונגען, און וואו אידי־שע פּליכטלינגע ווערן אָפט געצוואונגען צו פאַרלאָזן דאָס לאַנד מיט ליידיקע קעשענעס, וועט זיין אַן אימיגראַציע פון אַרבעט אָן קאַפּיטאַל, און אַזאַ סאָרט אימיגראַציע וועט ביים בעסטן ווילן, ניט קענען שאַפן קיין נייע עקאָנאָמישע פּאָזיציעס אין לאַנד.

די דאָזיקע מורא, וועלכע ווערט באַזונדערס אָפט אויסגעשפּראָכן פון די יעניקע וועלכע האָבן אַמאָל אָפּן באַקעמפט די אידישע אויפבוי אַרבעט אין ארץ ישראל, און באַהאַלטן איצט זייער געגנערשאַפט אונטער דער מאַסקע פון פריינטשאַפט און זאָרג, איז שטאַרק איבערטריבן. ס׳איז אמת, אַז דער פּראָצענט פון „קאַפּיטאַליסטן“, וואָס האָבן באמת געגנוג געלט אויף איינצואָרדנען זיך און אפילו באַשעפטיקן אַנדערע, וועט בײַ אַ מאַסן אימי־גראַציע אינם איצטיקן מאָמענט זיין קלענער איידער בײַ דער באַשרענקטער אימיגראַציע פון די פריערדיקע יאָרן. ס׳איז אָבער אויך אמת, אַז אין ארץ ישראל זעלבסט האָט זיך אָנגעקליבן אַ סך קאַפּיטאַל וואָס איז אריינגע־בראַכט געוואָרן אַהין אין פריערדיקע יאָרן, און ליגט אומטעטיק אין די דאָרטיקע בענק צוליב דער אומזיכערקייט וועגן דער ווייטערדיקער צוקונפט פונם לאַנד. אין דעם מאָמענט ווען אידישע אימיגראַציע קיין ארץ ישראל וועט דערלויבט ווערן אין אַ גרויסן פאַרנעם, וועט יעדער דאָלאַר וואָס אידן פאַרמאָגן אין ארץ ישראל, אינוועסטעט ווערן אויף דעם אָדער אַנדערן אופן אינם ווייטערדיקן אויפבוי פונם לאַנד. ס׳איז אויך קיין ספק ניטאָ, אַז קיין ארץ ישראל וועט דאַן אָנהויבן שטראָמען אַ מאַסע קאַפּיטאַל פון אַלע לענדער אריינגערעכנט אַזעלכע לענדער וואו אידן זיינען דערווייל ניט אונטער דעם דירעקטן בייטש פון פאַשיזם און אידן־האַס. אַזוי איז דאָס געווען אין די פריערדיקע עפּאָכן פון ארץ ישראל׳דיקן אויפשוואונג, און דאָס וועט זיכער איבערחזרן זיך, אין אַ פיל גרעסערן פאַרנעם, אויב די טויערן פון ארץ ישראל זאָלן איצט ברייט געעפנט ווערן פאַר אידישער איינוואַנדערונג.

ס'איז אויך קיין מינדסטער ספק ניטאָ, אַז אויב ענגלאַנד זאָל נאָר ערלויבן אַ גרעסערע אידישע איינוואַנדערונג קיין ארץ ישראל, וועט זיך אַהין אַ לאָז טאָן אויך אַ ברייטער שטראָם פון אידישע געזעלשאַפטלאַכע מיטלען, וואָס האָבן שטענדיק געשפּילט אַ גרויסע ראָליע אינם אויפבוי פון דער אידישער היים. די זאַמלונגען פאַר די עפנטלאַכע ארץ ישראל פאָנדן, — קרן היסוד, נאַציאָנאַל פאָנד, געווערקשאַפטן קאַמפּיין, הדסה, און אַזוי ווייטער, וועלן סטימולירט ווערן אין גאָר אַ גרויסער מאָס דורך דעם געשטייגערטן טעמפּאָ פונם ארץ ישראל'דיקן אויפבוי.

ס'איז דעריבער ניטאָ קיין קלענסטער ספק, אַז אויב נאָר די פּאָליטישע שוועריקייטן וואָס ווערן איצט געשטעלט אינם וועג פון אידישער איינוואַנ־דערונג קיין ארץ ישראל זאָלן אַרונטערגענומען ווערן, וואָלט דאָס לאַנד געקענט גלייך אויפנעמען גאָר אַ גרויסע צאָל פּליכטלינגע און בייטראָגן דער־מיט אין גאָר אַ גרויסער מאָס צו דער לייזונג פון דער איצטיקער אידישער פראַגע. מען מעג זיין זיכער, אַז די ציפער פון הונדערט טויזנט אַ יאָר, וואָס איז אָנגעגעבן געוואָרן אין מעמאָראַנדום פון דער אידישער אַגענטור צו דער עוויאַן קאָנפערענץ וועגן פּליכטלינגע, איז אַ סך קלענער, איידער די מאַקסימום צאָל פּליכטלינגע וואָס מען וואָלט געקענט אריינגעמען אין ארץ ישראל, אויב נאָר מען באַזייטיקט די קינסטלאַכע מניעות וואָס שטאַמען פון פּאָליטישער געגנערשאַפט.

נאַטירלאַך וואָלטן די פּליכטלינגע געמוזט דורכמאַכן אין ארץ ישראל אַ פּאָר שווערע קאַמף־יאָרן ביז זיי וואָלטן זיך געקאָנט אַרויפאַרבעטן צו אַ מער־וויינציקער באַקוועמען לעבנס סטאַנדאַרד. אין פאַרגלייך אָבער מיטן גיהנום פון וועלכן זיי וואָלטן זיך אַרויסגעריסן, וואָלט דאָס געווען אַ גליק, און זיי וואָלטן אָלענפאַלס געהאַט דערביי דאָס באַוואוסטזיין אַז זיי בויען דערמיט אַ זיכערע צוקונפט פאַר זייערע קינדער און אייניקלאַך.

## די טענה וועגן די ענגלישע באַאַמטן

וואָס זיינען די פּאָליטישע שוועריקייטן וואָס שטעלן זיך אין וועג פון אויסנוצן די פולע אויפנאַמס פייאיקייט פון ארץ ישראל פאַר די קרבנות פונם ביטערן אידן־האַס וואָס צעשפּרייט זיך איצט איבער אייראָפּאַ?

ווען מען ווייזט אָן די ענגלישע מלוכה לייט אויף די גרויסע מעגלאַכ־קייטן פון ארץ ישראל, און מען פאָדערט פון זיי, אויף דעם גרונט, אַז זיי זאָלן ברייט עפענען די טויערן פון לאַנד פאַר די אידישע קרבנות פון נאַצי רעזשים, ווייזן זיי געוויינלאַך אָן אויפן אַראַבישן ווידערשטאַנד, און בפרט אויפן טעראָר וואָס בושעוועט אין ארץ ישראל שוין באַלד דריי יאָר. מיט

דער דאָזיקער טענה אַלס אַרגומענט געגן דער אידישער אויפבוי אַרבעט אין ארץ ישראל, נוצן זיך אויך די אידישע געגנער פון ציוניזם וואָס שטאַמען מערסטנס פון כלומרשט לינקן, קאָמוניסטישן לאַגער. ווילן מיר טאַקע בויען די אידישע ארץ ישראל אויף ענגלישע באַיאָנעטן, פרעגן אונדז די דאָזיקע כלומרשטע „פריינד".

אַלס ענטפער אויף די דאָזיקע טענות קענען מיר אין דער ערשטער רייע אָנווייזן, אַז דער אַראַבישער ווידערשטאַנד געגן אידישער אויפבוי אַרבעט אין ארץ ישראל איז אין אַ גאַר גרויסער מאָס אַ רעזולטאַט פון ענגלי־שער פּאָליטיק. אפילו די „קעניגלאַכע קאָמיסיע" וועלכע איז מערסטנס באַשטאַנען פון אַמאָליקע קאָלאָניאַלע באַאַמטע, וואָס האָבן דעם גרעסטן אינטערעס ריינצוואַשן די אָרטיקע ענגלישע אדמיניסטראַציע, האָבן גע־מוזט צוגעבן, אַז ווען ענגלאַנד וואָלט פון סאַמע אָנהויב אָן זיך באַצויגן ערלאַכער און ערנסטער צו אירע פאַרפליכטונגען לויטן מאַנדאַט, וואָלט דער אידישער ישוב איצט געווען אַ סך גרעסער, און דער אַראַבישער ווידער־שטאַנד צו אים אַ סך שוואַכער. דער אמת אָבער איז, אַז ענגלאַנד, און בפרט איר אַדמיניסטראַציע אין ארץ ישראל, האָט שוין מיט צוואַנציק יאָר צוריק געקוקט אויף דער באַלפור דעקלאַראַציע, וועלכע האָט פייערלאַך צוגעזאָגט צו העלפן אין דער שאַפונג פון דער אידישער היים, אַלס אַ צו־טשעפעניש פון וועלכער מען דאַרף ווי עס איז פטור ווערן. מען האָט גע־שטעלט אידן פון אָנהויב אָן די גרעסטע שוועריקייטן אין וועג. דאָס האָט זיך באַזונדערסט אויסגעדריקט אין שניידן די אידישע אימיגראַציע אונטער דער פּאַקטישער אויפנאַמס פייאיקייט פון לאַנד, אין שווער מאַכן, דורך פאַרשידענע שפּיצלאַך, אידישע לאַנד קניות, אין אָפּזאָגן דער ארץ ישראל־דיקן לאַנדווירטשאַפט און אינדוסטריע פון געהעריקן שוץ געגן אַגרעסיווער האַנדלס פּאָליטיק פון אַנדערע לענדער. אין דער זעלבער צייט האָט מען דערמוטיקט אויף פאַרשיידענע וועגן אָן ענג־האַרציקע נאַציאָנאַליסטישע באַוועגונג פון די אַראַבער, די זעלבע אַראַבער וועלכע זיינען נאָך מיט צוואַנציק יאָר צוריק געווען גלייכגילטיק, און אַמאָל גאָר פריינטלאַך צו אידישער אימיגראַציע און קאָלאָניזאַציע.

דער פּאַקט, וואָס ניט קוקענדיק אויף די דאָזיקע כסדר'דיקע שטערונ־גען, האָבן מיר דאָך באַזעצט אין ארץ ישראל פאַר דער צייט פון דער ענגלי־שער מאַכט איבער 300,000 נייע אימיגראַנטן, און האָבן איצט דאָרט אַ ישוב פון באַלד 450,000 נפשות, וואָס פאַרנעמט גאָר שטאַרקע פּאָזיציעס אין דעם אַגריקולטורעלן און אינדוסטריעלן לעבן פון לאַנד, איז אַליין אַ באַ־ווייז ווי גרויס עס קאָנען איצט זיין די אידישע דערגרייכונגען אין ארץ ישראל,

ווען מען לאָזט אונדז אריינלייגן דאָרט דעם מאַקסימום פון אונדזערע כּהות און מיטלען.

דער פאַקט וואָס דער אַראַבישער ווידערשטאַנד אין ארץ ישראל איז אויסגעכאָוועט געוואָרן פון דער ענגלישער מאַכט אַליין, גיט אונדז דאָס מאָראַלישע רעכט צו פאָדערן, אַז מען זאָל ניט מקריב זיין צוליב אים די אידישע צוקונפט. ענגלאַנד, וועמעס פריערדיקע פּאָליטיק איז פאַראַנטוואָרט־לאַך פאַרן וואוקס פון דער אַראַבישער באַוועגונג, טאָר איצט ניט אויסנוצן די דאָזיקע באַוועגונג אַלס אַ תּרוץ אויף אָפּצוזאָגן זיך פון איר מענטשלאַכער פליכט צו די הונדערטער טויזנטער אידישע פליכטלינגע וואָס קלאַפּן אָן די טויערן פון ארץ ישראל. מיר מעגן דאָס באַזונדערס פאָדערן דערפאַר ווייל ס'איז ניטאָ קיין קלענסטער גרונט צו צווייפלען, אַז ענגלאַנד קאָן יאָ דערפילן אירע פאַרפליכטונגען צו די אידן, אויב זי זאָל נאָר באַשליסן בּאַ זיך דאָס צו טאָן. ס'איז ניטאָ אפילו קיין קלענסטער גרונט צו גלויבן, אַז דאָס וואָלט באַדאַרפט איר אָנקומען מיט שווערע קרבנות. ס'איז לעכערלאַך, האָט געשריבן די אויבנדערמאָנטע קעניגלאַכע קאָמיסיע אין איר באַריכט, צו זאָגן, אַז די בריטישע אימפּעריע קאָן ניט בייקומען, ווען זי וויל, אַזאַ קליינעם און שלעכט באַוואָפנטן אויפשטאַנד, ווי דעם, וועלכן די אַראַבישע עקס־טרעמיסטן האָבן אַרויסגערופן אין ארץ ישראל . . .

## ארץ ישראל אַראַבער געגן טעראָר

אפילו איצט, נאָך דעם ווי די ענגלישע רעגירונג האָט דורך איר צווייי־דייטיקער האַלטונג אין ארץ ישראל געלאָזט די אַראַבישע באַוועגונג ווערן שטאַרקער, איז איר הויפּט וואָפע, דער טעראָר, פּאַקטיש צובראָכן געוואָרן. די מערהייט פון ארץ ישראל'ס אַראַבישער באַפעלקערונג, מיד פון דער כּסדר'דיקער בלוט־פאַרגיסונג, איז שוין גרייט צו קאָאָפּערירן מיט ענגלאַנד און די אידן אין אָבהיטן דעם שלום אין לאַנד. ס'איז ניט קיין צופאַל וואָס די טעראָריסטן, כּדי אָנהאַלטן זייער ממשלה איבער דער אַראַבישער באַ־פעלקערונג, האָבן געמוזט אין די לעצטע חדשים אויס'הרג'ענען מער אַראַבער איידער אידן . . .

בדרך כּלל, האָבן די פרידלאַכע אַראַבער שרעקלאַך געליטן פון די אומ־רועז פון די לעצטע דריי יאָר. זיי האָבן זיך אָפּגערופן אויף זיי נאָך שווערער ווי אויף די אידישע האָרעפּאַשניקעס, געגן וועלכע די אומרועז זיינען גע־ווען געריכטעט. צוליב דעם טעראָר האָבן די אַראַבער אָנגעוואָרן די טויזנ־טער אַרבעטס־פלעצער וואָס זיי האָבן פריער פאַרנומען אין אידישע קאָלאָ־ניעס. זיי האָבן צוליב אים פאַרלאָרן דעם ברייטן און גוט־צאָלנדיקן אידישן

מארקעט פאַר זייערע גרינס, הינער, אייער, פּרוכט, און אַנדערע לאַנדווירט־שאַפטלאַכע פּראָדוקטן. פילע טויזנטער פון זיי האָבן אַנגעוואָרן די באַ־שעפטיקונג וואָס זיי האָבן פריער געהאַט באַ עפנטלאַכע ארבעטן פון דער רעגירונג, וועלכע זיינען אַמאָל אין דער צייט פון פּראָספּעריטי, וואָס איז געבראַכט געוואָרן אין לאַנד דורך בריטישער אידישער איינוואַנדערונג, אָנ־געגאַנגען אין אַ גרויסן פאַרנעם. די פילע אראַבער וואָס זיינען פאַרן אויס־ברוך פון די איצטיקע אומרוען געקומען קיין ארץ ישראל פון די שכנותדיקע לענדער צו זוכן ארבעט, פאַר וועלכער מען האָט אין ארץ ישראל געצאָלט אַ סך בעסער ווי אין סיריע, עבר הירדן, און אפילו אין רייכן עגיפּטן, האָבן זיך איצט פאַרנאַנדערגעלאָפן צוריק אהיים. צוזאַמען מיט זיי האָבן פאַרלאָזן ארץ ישראל אויך עטלאַכע טויזנט אָרטיקע, מער־וועניק פאַרמעגלאַכע אראַ־בישע פאַמיליעס, וועלכע קענען מער ניט אויסהאַלטן די כסדריקע ערפּרע־סונגען מצד זייערע אייגענע „נאַציאָנאַלע קעמפער". אונטער די דאָזיקע אומשטענדן איז גאָרניט קיין וואונדער וואָס טויזנטער אראַבישע פּויערים, ניט קוקנדיק אויף דער פּערזענלאַכער לעבנס סכנה מיט וועלכער דאָס איז פאַר זיי פאַרבונדן, הויבן אָן צו שטעלן אַן אַקטיוון ווידערשטאַנד געגן די טעראָריסטן, און באַטייליקן זיך אין דעמאָנסטראַציעס געגן זיי. עס קומט די טעראָריסטן אַלץ שווערער ארויסצופּרעסן געלט און שפּייז פון די פאַר־מאַטערטע און דערצאָרנטע אראַבישע פּויערים. וואָלט נאָר די ענגלישע רעגירונג אַקטיוו דערמוטיקט דעם דאָזיקן אראַבישן ווידערשטאַנד געגן די טעראָריסטן, וואָלטן דער מופטי און די עקסטרעמיסטן, וואָס פאָלגן אים נאָך, קיין קלענסטן אָנהאַלט ניט געהאַט אין דער אראַבישער באַפעלקערונג פונם לאַנד.

פון דער אַנדער זייט, איז דער אראַבישער טעראָר ניט אימשטאַנד געווען אָפּצושוואַכן אין קלענסטער מאָס די אידישע פּאָזיציעס אין לאַנד. געוויס האָבן אידן אַ סך געליטן פון די כסדרדיקע אָנפאַלן, און צוליב דער נויטיקייט אָפּגעבן די בעסטע כחות אויף וואַך און פאַרטיידיקונג. געוויס איז דער טעמפּאָ פון אידישן אויפבוי אָפּגעשוואַכט געוואָרן צוליב דעם שניט אין דער אימיגראַציע, דעם קלענערן שטראָם פון קאַפּיטאַל, און דער אָפּשוואַכונג פון בוי טעטיקייט. דאָס איז געווען דער נאַטירלאַכער רעזולטאַט פון דעם פאַר־צויגענעם טעראָר און דער אומזיכערקייט וועגן דער פּאָליטישער צוקונפט פון לאַנד. קיין איינע אָבער פון די אידישע פּאָזיציעס אין ארץ ישראל האָט מען באַ אונדז ניט געקענט צונעמען. פאַרקערט, גראַד אין די שווערע דריי יאָר, האָבן מיר גאָר באַוויזן אויסצובויען אַ רייע פון נייע ישובים, און פרישע עקאָנאָמישע פּאָזיציעס. 36 נייע דערפער, דער פּאָרט און לופט־האַפן אין תל אביב, דער אָנהויב פון אַ אידישער שיף פאַרקער, און דער וואוקס פון אינדוסטריעלן עקספּאָרט קיין אויסלאַנד, זיינען אַן איבערצייגנדער באַוויין

פון דער אונגעהייערער לעבנס קראפט, וועלכן דער אידישער ישוב אין ארץ ישראל פּאַרמאָגט אין זיך אונטער די ערגסטע אומשטענדן.

## ענגלאַנד און דער מופטי־טעראָר

שטייענדיק פאַר אזא מערקווירדיקן רעקאָרד האָט די ענגלישע רעגירונג קיין שום רעכט ניט צו באַרופן זיך אויפן אראבישן ווידערשטאַנד אַלס די אורזאַכע, וועלכע שטערט איר באמת צו דערלויבן אַ ברייטע אידישע אימי־גראַציע קיין ארץ ישראל. זי האָט ניט קיין מינדסטע רעכט צו באַטראַכטן די אידן אין ארץ ישראל אַלס באַזיגטע, וואָס מוזן איצט דורך איר פריינט־לאַכער פאַרמיטלונג בויגן דעם קאָפּ פאַר דער אַראַבישער איבערמאַכט. ס'איז ניטאָ אַזאַ איבערמאַכט אין ארץ ישראל! כאָטש מיר מאַכן אויס בלויז 32 פּראָצענט פון דער גאַנצער באַפעלקערונג אין לאַנד, זיינען מיר פולשטענדיק אימשטאַנד צו באַשטיין אונדזער שטעטל. נאָך אַלעמען, האָבן מיר ניט געגן זיך אַלע אַראַבער פון לאַנד. עס זיינען פאַראַן צווישן זיי קריסטן, וואָס זיינען אַליין ניט שטאַרק נייגעריק צו בלייבן אונטער אַן אויסשליסלאַך מאַכמעדאַנישער מאַכט. חוץ דעם זיינען צווישן די מאַכמעדאַנער אַליין פאַראַן פילע וואָס אַנערקענען דעם נוצן וואָס אידן האָבן געבראַכט דעם לאַנד, און זיינען גרייט צו קאָאָפּערירן מיט אונדז פאַרן ווייטערדיקן וואוילשטאַנד פון ביידע פעלקער און דעם געמיינזאַמען פּראָגרעס פון לאַנד.

וואָס טוט אָבער די ענגלישע רעגירונג? כאָטש זי שטייט פאַרן פאַק־טישן באַנקראָט פון אַראַבישן טעראָר, און דעם אַלץ שטאַרקערן ווידער־שטאַנד קעגן אים פון די ברייטע אַראַבישע מאַסן, רופט זי אַ „ראונד טייבל קאָנפערענץ" אין וועלכער זי אַנערקענט גלייך דעם מופטי'ס טעראָריסטישע פּאַרטיי, אָן שום פאַקטישן רעכט, אַלס די הויפּט־פאַרטרעטונג פון די ארץ ישראל'דיקע אַראַבער. און ווען דעם מופטי'ס שליחים זאָגן זיך אָב צו זעצן זיך מיט אידן ביי איין טיש, גיט זיי ענגלאַנד גלייך נאָך, און אַראַנזשירט צוויי באַזונדערע קאָנפערענצן אין וועלכע די אַראַבער זאָלן אפילו ניט דאַרפן אַנערקענען די אידן אַלס אַ גלייכבאַרעכטיגטן צד. אַזוי „דערמוטיגט" זי די אַראַבישע פּויערים וועלכע האָבן נאָר וואָס דעמאָנ־סטרירט זייער גרייטשאַפט צו נוצן זיך מיט ענגלישן שוץ קעגן די אומ־ברחמנותדיקע טעראָריסטן! ס'איז אַ שיינע דערמוטיגונג פאַר די טויזנטער אַראַבער וואָס זיינען גרייט צו קאָאָפּערירן מיט אידן און מיט דער ענגלישער מאַכט כדי איינצושטעלן מיט געמיינזאַמע כחות רו און אָרדנונג אינם לאַנד.

וואָלט די ענגלישע רעגירונג ברייטער געעפנט די טויערן פון ארץ ישראל פאַר די אידישע פּליכטלינגע פון נאַצי דייטשלאַנד, און וואָלט זי

דערמוטיקט די מעסיקע אראבישע פארטייען אין זייער ווידערשטאנד געגן דעם מופטי'ס טעראָר באנדעס, וואָלט די לאגע אין ארץ ישראל שוין בא היינטיקן טאָג געווען נאָרמאל, און די פארזעעניש וואָס קומט איצט פאָר אין לאָנדאָן, וואָלט טאקע געווען אַן אמת'ע ראונד טייבל קאָנפערענץ און געהאט א פיל גרעסערן שאנס אויף א דערפאָלג. קאָן מען דען דערוואַרטן פון די אראבישע פארטרעטער אויף דער דאָזיקער קאָנפערענץ, אַז זיי זאָלן פארשטיין די אידישע נויט, און גרייט זיין צו קומען צו א פרידלאכן אויסגלייך מיט די אידן, ווען ענגלאנד אליין מאכט קלאָר פאר זיי מיט איר יעדער האנדלונג אין ארץ ישראל, אַז וואָס מער די אראבער וועלן פאָדערן פון איר, אלץ מער וועט זי זיי נאָכגעבן?

ניין, ענגלאנד האָט ניט קיין גרונט צו ברעכן די אידישע רעכט אין ארץ ישראל מיט דעם אויסרייד פון אראבישן ווידערשטאנד און מיט אַן אפילו צו דער אידישער אונוויליקייט צו זיצן אויף ענגלישע באיאָנעטן. דער אראבישער ווידערשטאנד איז דערמוטיקט געוואָרן פון ענגלאנד אליין, און זי אליין איז פאר אים פאראנטוואָרטלאך. ער איז אלענפאלס אויך איצט ניט געגוג שטארק, כדי ארץ ישראל אליין, אידן צוזאמען מיט פרידלאכע אראבער, זאָלן אים ניט קענען בייקומען, אויב נאָר ענגלאנד זאָל נעמען א שטארקערע שטעלונג צו די אראבישע טעראָריסטן און זייערע ארויסהעלפער פון אויסער ארץ ישראל.

## ארץ ישראל און די שכנות'דיקע לענדער

ווען מען קוועטשט צו די ענגלישע פאָליטיקער צו דער וואנט, ווען מען באווייזט זיי באשיינפערלאך, אַז דער אראבישער טעראָר אין ארץ ישראל איז אויף זיינע לעצטע פיס, און ענגלאנד קען זיך פארגינען אָן דער מינדעסטער מורא פאר די אָרטיקע טעראָריסטן, צו דערפילן אירע פייערלאכע צוזאָגן צו די אידן, ענטפערן זיי געוויינלאך מיטן אָנווייז אויף די אראבישע לענדער אויסער ארץ ישראל. זיי טענהן, אַז זיי מוזן אָנהאלטן די פריינט־שאפט פון די דאָרטיקע אראבער מיט יעדן פרייז צוליב דער איצטיקער געפערלאכער לאגע אויף דער ברייטער וועלט, וואו די אמאָליקע פאָזיציעס פון דער דעמאָקראטישער ענגלאנד ווערן געשטעלט אין סכנה צוליב דעם אויפשטייג פון פאשיזם.

געוויס איז דאָס א שטארקערער ארגומענט איידער די פריערדיקע תרוצים וועגן דעם אראבישן ווידערשטאנד אין ארץ ישראל זעלבסט. דער פאקט אָבער וואָס ענגלאנד האָט זיך באנוצט מיט אים נאָך אין דער צייט ווען איר פאָזיציע אין דער וועלט איז געווען אייזן־שטארק, דערלויבט אונדז

צו באציען זיך צו אים מיט א געוויסן חשד. האָט מען זיך ניט אין לאָנדאָן שוין פאררופן אויף די אראבישע לענדער ארום ארץ ישראל נאָך אין דער צייט ווען מוסאָליני האָט נאָך ניט געוואגט צו טרוימען וועגן א הערשנדער פאָזיציע אין מיטללענדישן ים, און ווען זיין נאצי־שותף, היטלער, איז נאָך בכלל ניט געווען בא דער מאכט? אגב זיינען אין די פריערדיקע יאָרן די אראבער פון אויסער ארץ ישראל ניט געווען שטארק פאראינטערעסירט אין קליינעם לאנד ביים ירדן, און אויך איצט האָט ניט זייער אינטערעס קיין טיפע וואָרצלען. ווען ענגלאנד וואָלט ניט קינסטלאך אריינגעצויגן זיי אין דער ארץ ישראלדיקער לאגע מיט צוויי יאָר צוריק, וואָלטן אייניקע פון זיי, און דאָס באציט זיך באזונדערס אויף עגיפטן, אויך איצט צופרידן געווען צו שטיין אָן א זייט.

צוויטנס איז קלאָר, אז מיט מעסיקע הנחות צו די ארץ ישראלדיקע אראבער וועט די ענגלישע רעגירונג ניט דערגרייכן איר כלומרשטן הויפּט־צוועק — קריגן די סימפּאטיע פון דער אראבישער וועלט אויסער ארץ ישראל. די עקסטרעמע נאציאָנאליסטן פון דעם מופטי טיפּ וועלן זיך מיט מעסיקע הנחות ניט צופרידנשטעלן. אזעלכע האלבע הנחות וועלן זיי בלויז דער־מוטיקן צו גרעסערע און מער חוצפּהדיקע פאָדערונגען און צו נאָך שארפערע העצעס צווישן די אראבער פון ארומיקן מזרח. אין דער דאָזיקער העץ־ארבעט וועלן זיי זיכער האָבן די אונטער־ערדישע שטיצע פון ענגלאנד׳ס גרעסטע שונאים, די איטאליענישע פאשיסטן, וואָס זוכן זי אוועקצושטופּן פון אירע מאכט פּאָזיציעס ארום דעם מיטללענדישן ים. פון דעם איז נעדרונגען, אז אויב ענגלאנד וויל באמת אָפּשטעלן די אגיטאציע געגן איר אין די אראבישע לענדער, דארף זי אינגאנצן אָפּשאפן די אידישע רעכט אויף ארץ ישראל. דאָס קאָן ענגלאנד ווידער ניט טאָן, אויב זי וויל ניט ארויסרופן געגן זיך די אייביקע שנאה פון אנטווישטן, אָפּגענארטן אידישן פאָלק, און די טיפע פאראכטונג פון דער עפנטלאכער מיינונג אין אמעריקע און אין דער גאנצער ליבעראלער וועלט. אפילו די יעניקע אמעריקאנער וואָס האָבן בדרך כלל ניט שטארק ליב אידן, און זיינען ניט באזונדערס באקימערט וועגן אונדזערע רעכט, וועלן אין ענגלאנד׳ס אָפּענעם אָפּזאָג פון דער באלפור דעקלאראציע זען דעם קלאָרן באווייז, אז די איצטיקע ענגלאנד איז ניט פיל בעסער פאר היטלערן און האָט ניט קיין מאָראלישע רעכט צו דערווארטן אמעריקע׳ס אקטיווע שטיצע אין פאל פון א קומענדיקן וועלט קריג. קיין דענקענדער מענטש וועט, שטייענדיק אין דעם שפּיץ פון דעם ענגלישן קאבינעט, ניט שפּילן זיך אזוי לייכטזיניק מיט דער צוקונפט פון ענגלאנד אין דער שטונדע פון איר ענטשיידנדער נויט. גראד דערפאר ווייל דער קומענדיקער וועלט־קריג וועט מוזן געפירט ווערן אונטער דער פאָן פון פארטיידיקן די וועלט

דעמאָקראַטיע געגן פאַשיזם, וועט ענגלאַנד, אַלס די פירנדע דעמאָקראַטישע מאַכט פון אייראָפּאַ, ניט קענען אַריינטרעטן אין אים מיט אַ פּאַרפלעקטן רעקאָרד וואָס זי וואָלט געקראָגן דורך פאַרראַטן, אָן אַ באמת איבער־ציייגענדער צוואַנגס לאַגע, אירע אייגענע פייערלאַך פּראָקלאַמירטע פאַרפליכ־טונגען צום אידישן פאָלק אין ארץ ישראל.

כל זמן ענגלאַנד וועט ניט אויפגעבן איינגאַנצן אירע פאַרפליכטונגען צו אידן אין ארץ ישראל, וועט זי מיט יעדן פאַרזוך ווייטער צו שניידן אימיגראַציע דורך קונציקע אויסטייטשונגען, בלויז אַוועקשטעלן זיך אַליין אין אַן ערגערע לאַגע. ניט צופרידנשטעלנדיק די אַראַבער, וועט זי אַרויס־רופן די שאַרפסטע ביטערקייט פון די אידן, און די פאַרדאַמונג פון דער ליבעראַלער וועלט. ס'איז אַ פּאָליטיק פון פאַרראַט וועלכע וועט ניט ברענגען קיין מינדעסטן געווינס צו די פאַררעטער אַליין . . .

## איז אידיש־אַראַבישער שלום מעגלאַך?

אונטער די דאָזיקע אומשטענדן האָט ענגלאַנד ניט די מינדסטע באַ־רעכטיקונג און אויך ניט קיין שום נוצן פון שליסן די טויערן פון ארץ ישראל פאַר די אידישע פליכטלינגע פון נאַצי לאַנד. זי וואָלט אַ סך קלוגער גע־האַנדלט, ווען זי הערט אויף צו שטערן די אידישע אויפבוי אַרבעט אין ארץ ישראל, אַכטנדיק בלויז, אַז די אַראַבער פון ארץ ישראל און די אַרומיקע לענדער, זאָלן פון איר אַרויסקריגן אַ וועזענטלאַכן עקאָנאָמישן נוצן און ניט זיין חלילה געקריוודעט אין זייערע פּערזענלאַכע און נאַציאָנאַלע רעכט.

אין דעם זין וואָלט ענגלאַנד געקראָגן פון אונדז, אידן, די גרעסטע קאָאָפּעראַציע. מיר האָבן קיינמאָל אפילו ניט געטרוימט וועגן אונטערדריקן אַראַבער, און מיר זיינען גרייט צו באַוואָרענען זיי געגן דעם דעם מיט די שטאַרקסטע גאַראַנטיעס. מיר זיינען גרייט צו גאַראַנטירן זיי ניט נאָר ביר־גערלאַכע גלייכבאַרעכטיקונג, וועלכע איז אָפט מיסברויכט געווען אין פאַר־שיידענע לענדער אויף צו מאַסקירן די הערשער אַמביציעס פון דער מערהייט, נאָר אויך אַן אַבסאָלוטע גלייכשטעלונג, וועלכע זאָל אויף שטענדיק אומעג־לאַך מאַכן די אויבערהערשאַפט פון איינעם פון די צוויי פעלקער, אידן אָדער אַראַבער. מיר זיינען גרייט צו פאַרזיכערן די ארץ ישראלדיקע אַראַבער אויף שטענדיק מיט אַ גלייכער פאַרטרעטונג אין אַלע געזעצגעבנדע און אַדמיניס־טראַטיווע אַנשטאַלטן פון לאַנד, אויב נאָר זיי וועלן ניט באַשטיין אויפן פאַרלאַנג צו מאַיאָריטיזירן אונדז איצט, ווען זיי זיינען נאָך אַ מערהייט אין לאַנד. מיר זיינען גרייט צו גיין נאָך אַ שריט ווייטער, צוגעבנדיק צו דער שטענדיקער גלייכקייט („פּאַריטעט") אין ארץ ישראל אונדזער גרייטשאַפט

ענגער צו פֿאַרבינדן זיך מיט די אַראַבישע לענדער פֿון נאָענטן מזרח. מיר וועלן באחרית הימים זיך אפֿילו ניט אָפּזאָגן פֿון צושטיין צו אַ מזרח פֿעדעראַציע פֿון אויטאָנאָמע מלוכות, אויב נאָר די אינערלאַכע זעלבסט־שטענדיקייט פֿון ארץ ישראל אין די ראַמען פֿון דער דאָזיקער פֿעדעראַציע זאָל געזיכערט ווערן אין פֿולער מאָס. דאָס וואָלט געווען אַ דערגענצנדע און נאָר שטאַרקע גאַראַנטיע פֿון אַראַבישע רעכט אין ארץ ישראל.

אָט דאָס איז די שטעלונג וואָס מיר, אידן, האָבן אָנגענומען בײַ דער אַזוי גערופֿענער „ראַונד טייבל קאָנפֿערענץ” וואָס קומט איצט פֿאָר אין לאָנדאָן מיטן צוועק צו דערגרייכן אַ פֿאַרשטענדיקונג צווישן אידן און אַראַבער. די דאָזיקע קאָנפֿערענץ וואָלט בײַ אונדז אַרויסגערופֿן די גרעסטע האָפֿענונגען, ווען זי וואָלט גערופֿן געוואָרן מיט יאָרן פֿריער, ווען די ארץ ישראלדיקע לופֿט איז נאָך ניט געווען אַזוי פֿאַרגיפֿטעט מיט האַס, און ווען די מעגלאַכקייט פֿון אַן ערלאַכן אויסגלייך צווישן די צוויי פֿאַרוואַנדטע פֿעלקער איז דעריבער געווען אַ סך גרעסער ווי איצט. זי וואָלט געהאַט אויך פֿיל גרעסערע שאַנסן אויף דערפֿאָלג, ווען די ענגלישע רעגירונג וואָס רופֿט זי צונויף, וואָלט ניט דערמוטיקט די עקסטרעמיסטישע פּאָליטיק צווישן אַראַבער דורך שליסן די טויערן פֿון ארץ ישראל פֿאַר גרעסערע מאַסן פֿון אידישע אימיגראַנטן, צוריקוויַיזנדיק דערבײַ דעם האַרץ־רייסנדן אַפּיל וועגן אַריינלאָזן די צען טויזנט אידישע קינדער פּליטים־לינגע, וועלכע דער ארץ ישראלדיקער ישוב איז גרייט אויסצוהאַלטן אויף זיינע אייגענע קאָסטן. אונדזער געוויסן איז ריין. מיר האָבן די אַראַבער אין ארץ ישראל קיין שלעכטס ניט געטאָן. פֿאַרקערט, די ברייטע אַראַבישע פֿאָלקס מאַסן אין ארץ ישראל, און ניט בלויז געציילטע לאַנד באַזיצער און וואוכערער, האָבן געוואונען פֿון מאָדערנער קולטור וואָס אידן האָבן אַריינגעבראַכט אין לאַנד. די ארץ ישראלדיקע אַראַבער זיינען דער איינציקער אַראַבישער קיבוץ, וואָס האָט אין אַ גרויסער מאָס געהויבן זיין לעבנס־סטאַנדאַרד פֿאַר די לעצטע צוואַנציק יאָר. ס׳איז דאָס איינציקע לאַנד וואו אַראַבער ליידן פֿון ווייניקער אָרעמקייט און נויט, איידער ווען ניט איז פֿריער, וואו זיי טראָגן איבער ווייניקער קראַנקהייטן, וואו די שטערבלאַכקייט ביי זיי איז קלענער און דער נאַטירלאַכער צוואוקס האָט זיך שטאַרק געהויבן. די עקאָנאָמישע געווינסן וועלכע די אַראַבער האָבן געהאַט פֿון אידישער קאָלאָניזאַציע אין ארץ ישראל זיינען אַזוי קלאָר, אַזוי באַשיינפּערלאַך, אַז אפֿילו אונדזערע גרעסטע שונאים וואַגן זיי ניט צו לייקענען.

דער עקאָנאָמישער פּראָגרעס פֿון די ארץ ישראלדיקע אַראַבער איז באַזונדערס אויפֿפֿאַלנד, ווען מען פֿאַרגלייכט אים מיטן גורל פֿון די איינ־וואוינער אין איניגע אַנדערע אַראַבישע לענדער, וואָס ווערן אונדז, די

„אימפעריאַליסטן" מ'שטיינס געזאָגט, געשטעלט אַלס אַ מוסטער. אין איראַק, וואָס איז אַ זעלבסטשטענדיק קעניגרייך, פריי פון ציוניסטישער „אונטער־דריקונג", איז די שטערבלאַכקייט צווישן די אַראַבישע מאַסן אַזוי גרויס, אַז ניט קוקנדיק אויף דער הויכער מדרגה פון געבורטן, בלייבט דאָרט די צאָל פון דער באַפעלקערונג אויף איין פלאַץ, און גייט אַפילו אויף צוריק. אין דער איטאַליענישער ליביע, וועמעס הערשער, מוסאָליני, האָט לעצטנס אָנגעטאָן אויף זיך דעם „שווערד פון איסלאַם", און העלפט מיט געלט דעם אַראַבישן „נאַציאָנאַלן אויפשטאַנד" אין ארץ ישראל, איז די צאָל פון די אַראַבער געפאַלן פון איבער אַ מיליאָן אין 1913, ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן די איטאַליענישע באַזעצונג, ביז 650 טויזנט ביים היינטיקן טאָג. נעמענדיק אין באַטראַכט דעם נאַטירלאַכן צוואַוואוקס, וואָס וואָלט זיך זיכער אַרויס־געוויזן דאָרט אונטער נאָרמאַלע אומשטענדן, מיינט דאָס, אַז אַ האַלבער מיליאָן אַראַבער זיינען דאָרטן אָדער אויסגעהרגעט געוואָרן דורך זייערע איטאַליענישע „פריינט", אָדער זיך פון דאָרטן צולאָפן. פאַר דער זעלבער צייט איז די אַראַבישע באַפעלקערונג פון ארץ ישראל געשטיגן פון 600 טויזנט ביז אַ פולן מיליאָן!

אַפילו איצט, שוין נאָך מוסאָליני'ס ליבעס־ערקלערונג צו די אַראַבער, קאָלאָניזירט ער זיין ליביע מיט איטאַליענישע פויערים, פאַר וועלכע דער באָדן ווערט פשוט צוגענומען פון די אַראַבער אָן דער מינדעסטער ענט־שעדיקונג. אין ליביע צאָלט מען די אַראַבער פאַרן באָדן מיט קלינגענדיקע איטאַליענישע פראַנגן, אין דער צייט ווען אין ארץ ישראל זיינען דורכ־שניטלאַכע באָדן פרייזן פון פינף ביז צען מאָל טייערער איידער אין דער רייכער אַמעריקע.

פון די דאָזיקע פּראָסטע פאַקטן איז קלאָר, אַז די אַראַבער אַליין, אויב זיי זיינען ניט קיין פאַררעטער צו זייער אייגענעם פאָלק, האָבן די גרעסטע אורזאַכע מורא צו האָבן פאַר פאַשיסטישער הערשאַפט אויפן נאָענטן מזרח. האָבן זיי פאַרגעסן, ווי אַזוי מוסאָליני'ס גענעראַלן האָבן אויסגעהרגעט הונדערטער טויזנטער אַראַבער אין ליביע? ווייסן זיי ניט מיט וועלכע מיטלען די פאַשיסטן באַזעצן איצט זייערע אַראַבישע קאָלאָניעס?

ווען ענגלאַנד, אָנשטאָט צאַצקען זיך מיט די אַראַבישע עקסטרעמיסטן אין ארץ ישראל זאָל ערמוטיקן די מער פּראָגרעסיווע קרייזן צווישן דעם אַראַבישן פאָלק, און העלפן זיי צו פאַרשטענדיקן זיך מיט אידן אויף דער גרונדלאַגע פון אַ געמיינזאַמען שוץ־קאַמף געגן דעם פאַשיזם, וואָס דראָהעט זיי ביידע מיט קנעכטשאַפט און פאַרניכטונג, וואָלט זי דערמיט בעסער געדינט זיך אַליין. עס זיינען זיכער פאַראַן געמיינזאַמע אידיש־אַראַבישע אינ־

טערעסן און זיי וואַלטן זיך קלאָרער ארויסגעוויזן ווען ענגלאַנד ערמוטיגט זיי, אנשטאָט צו אָריענטירן זיך אויף די אַראַבישע רעאַקציע און אידן־האַס.

## נאַציאָנאַלע זעלבסט-באַשטימונג

אייניקע אַראַבישע פירער, און זייערע פּאַרטיידיקער אין אונדזערע רייען, סטאַרן זיך אָפּט פאַרשטעלן די אידישע אויפבוי אַרבעט אין ארץ ישראל אַלס אַ סתירה צום פּרינציפּ וועגן זעלבסט באַשטימונג. אין זייערע סטייטמענטס פאַר אויסלאַנד מאָלן זיי זיך אליין אויס אַלס קעמפער פאַרן פּרינציפּ פון זעלבסט באַשטימונג וואָס איז פּראָקלאַמירט געוואָרן פון פּרע־זידענט ווילסאָן ביים סוף פון וועלט קריג.

זעלבסט באַשטימונג איז אַ הייליקער פּרינציפּ. דער דאָזיקער פּרינציפּ איז אָבער אַ קינד פון דער ליבעראַלער עפּאָכע פאַרן קריג, ווען מען האָט עס באַטראַכט אַלס אַ צוגאָב צו די אַלגעמיין אנערקענטע רעכט פון דעם יחיד. אָן פרייהייט פון וואָרט און שריפט, אָן פרייער אויסוואַל פון רעגירונגען, אָן דעם פרייען שטראָם פון מענטשן און סחורות דורך דער וועלט ווערט דער פּרינציפּ פון זעלבסט באַשטימונג אַ גרויזאַמער שפּאַס. אויב אַ לאַנד שטייט ניט אויף אַ געהעריקער מדרגה פון קולטור, אויב זי אנערקענט ניט די עלעמענטאַרע רעכט פון אירע איינוואוינער, איז לעכערלאַך צו ריידן וועגן נאַציאָנאַלער זעלבסט באַשטימונג.

די רעכט פון אַ הונט אויף אַ הויפן היי, קאָנען ניט אנערקענט ווערן אַלס „זעלבסט באַשטימונג”. אַמאָל קען די דאָזיקע ווירהדיגע חיה צווינגען די וועלט, מיט אירע ציין און נעגל, צו אנערקענען די דאָזיקע „רעכט”. אָבער וואו מיר קאָנען זיך העלפן, קעמפן מיר געגן דעם.

זאָלן מיר אנערקענען אַלס זעלבסט באַשטימונג דאָס רעכט פון אַן אַפריקאַנער שבט איינצופירן בא זיך שקלאַפעריי און מענטשן פרעסעריי? אָדער זאָלן מיר זיך מאָראַליש בוקן פאַרן „רעכט” פון נאַצי דייטשלאַנד צו פאַרניכטן אירע אידן, אפילו ווען עס זאָל באַוויזן ווערן, אַז די מערהייט פון דייטשן פאָלק זיינען באמת איינפאַרשטאַנען מיט דעם?

האָבן דען דאָס רעכט אויף זעלבסט באַשטימונג בלויז די יעניקע פעל־קער וואָס האָבן אין אַמאָליקער צייט פאַרכאַפּט גרויסע טעריטאָריעס, אַמאָל פיל גרעסער ווי זיי קאָנען אויסנוצן, און פאַרצוימען איצט די דאָזיקע לענ־דער מיט פיזישער קראַפט, אָדער דאַרף מען אויך אנערקענען דאָס רעכט פון זעלבסט באַשטימונג פאַר פעלקער, וואָס ווערן געטריבן פון זייערע וואוין־ערטער דורך פאַרניכטנדער גוואַלט און זוכן אַ פּלאַץ וואו זיי זאָלן

קענען אויסבויען פאַר זיך אַ נייע היים מיט שווערער, פּראָדוקטיווער אַרבעט? בפרט, פאַרוואָס זאָל מען לייקענען דאָס דאָזיקע רעכט, ווען דאָס גערודפטע פאָלק האָט באַוויזן זיין פּייאיקייט צו בויען פאַר זיך אַ נייע היים ניט ברייג־גענדיק דערביי קיין מינדסטן שאָדן די פריערדיקע איינוואוינער פונם באַטרעפנדן לאַנד, וועלכע זיינען אָפּט גאָר ניט אימשטאַנד אויסצונוצן אַליין ווי געהעריק זיינע באַהאַלטענע רעסורסן ?

## זעלבסט-באַשטימונג און מענטשלאַכע רעכט

דער פּרינציפּ פון זעלבסט באַשטימונג האָט בלויז דעמאָלט אַ מאָראַלי־שע באַרעכטיקונג, ווען ער ווערט געבראַכט אין איינקלאַנג מיטן העכערן פּרינציפּ פון מענטשלאַכער אחדות און ברידערלאַכקייט. אין דעם מאָמענט, ווען דאָס ווערט געטאָן אין פאַרבינדונג מיט דער ארץ ישראל פראַגע, האָבן מיר פאַר זיך אַ קלאָרן וועג צו אַ אידיש־אַראַבישער פאַרשטענדיקונג. די אַראַבער וואָלטן דאַן אנערקענט דאָס רעכט פון אידן צו באַזעצן זיך אין ארץ ישראל וועלכע איז נאָך אַלעמען בלויז אַ קליינער טייל פון די ריזיקע און וויניק באַפעלקערטע טעריטאָריעס וואָס זיינען פאַרנומען דורך אַראַביש שפּרעכנדע פעלקער. פון דער אַנדער זייט, וואָלטן אידן געמוזט גאַראַנטירן אויף אייביגע צייטן די רעכט פון די אַראַבער אין ארץ ישראל, און אָנפירן זייער אויפבוי טעטיקייט אַזוי, אַז זי זאָל מיטהעלפן דעם וואוילשטאַנד און פּראָגרעס פון די אַראַבער אין דעם גאַנצן מזרח, וואו די אַראַבישע מאַסן, ניט קוקנדיק אויף די גרויסע נאַטור רייכטימער אַרום זיי, לעבן אין אַ צו־שטאַנד פון אָרעמקייט, פינסטערניש, און נויט.

אָט דאָס איז די גרונדלאַגע אויף וועלכער אַ ברייטע פאַרשטענדיקונג צווישן אידן און אַראַבער וואָלט געבראַכט פאַר זיי ביידע אַן אומגעהייערן נוצן. זיי וואָלטן ביידע דערמיט אויפגעריכט געוואָרן.

אויב אָבער די האַנט פון שלום און קאָאָפּעראַציע, וועלכע מיר שטרעקן אויס צו די אַראַבישע מאַסן ווערט צוריקגעוויזן פון זייערע איצטיקע פאַר־שטייער, וואָס זיינען טיף געדרונגען מיטן גייסט פון ענגן נאַציאָנאַליזם, וועלכער באַהערשט די היינטיקע וועלט, האָבן מיר פאַר אונז קיין אַנדערע ברירה ניט, ווי ווייטער צו קעמפן פאַר אונזערע רעכט. זייענדיק אין יעדן

מאָמענט גרייט צו גערעכטער פאַרשטענדיקונג, וועלן מיר אין דער זעלבער צייט ווייטער פאַרטיידיקן מיט אַלע כחות אונדזער רעכט אויף פרייע אימי־גראַציע, אויף ווייטער צו בויען אונדזער נאַציאָנאַלע היים. מיר קאָנען זיך פון די דאָזיקע רעכט בשום אופן ניט אָבזאָגן! זיי זיינען גערעכט און פון זיי הייננט אָב אונדזער ווייטערדיקע עקזיסטענץ אין דער איצטיקער שווערער צייט.

א פאָלק וואָס ווערט געטריבן דורך העכסטער נויט, קאָן ניט אזוי גרינג אָבגעווענדעט ווערן פונם ציל, אין וועלכן ער זעט זיין האָפענונג און רעטונג.

